מ י י ן  ש ט ע ט ע ל ע

# בערעזנע

זאמלונג פון זכרונות פון בערעזנער לאנדס-
לייט אין לאנד און אין אויסלאנד. — עדות
זאגן פון יחידים, וואס האבן זיך געראטעוועט
פון די הענט פון די מערדערישע היטלער-
לייט און זייערע העלפער — באשרייבונגען
פון פארטיזאנער אין רוסישער פארטיזאנקע.


ג ע ז א מ ל ט / ג ע ש ר י ב ן
רעדאגירט און ארויסגעגעבן
**ד"ר ג. ב י ג י ל**


מיט דער הילף פון בערעזנער לאַנדסלייט
קאָמיטעט אין ישראל. אַרויסגעגעבן מיט
דער שטיצע פון אונזערע לאַנדסלייט
אין דעטרויט, קאַנאַדע און אַרגענטינע.


**תלאביב - שבועות, תשי"ד**

# פון אינהאלט



## חלק עברי

ד״ר גרץ ביגיל האָט אין יאר 1950, אויף דער אזכרה, פאָרגעשלאגן אַרויס־געבן אַ בוך איבער בערעזנע. פון פאָרשלאָג צו מעשים. אין משך פון 4 יאָר איז אים געלונגען צוזאַמענצונעמען בילדער און מאַטעריאַל פון יחידים, טאָג ווי נאַכט נישט געזשאַלעוועט און אַליין געשריבן זכרונות, איבערזעצט, קאָריגירט פון חברים׳ס מאַטעריאַל, וואָס איז אַריינגעקומען צו ׳אים — און אַט האָבן מיר אַזוי אַרום דערלעבט אַ לעבעדיקע מצבה אונזערע געפאַלענע, אַן עדות פון אַ לעבן וואָס בערעזנער יידן האָבן געפירט אין שטעטל בערעזנע, אַ הערליך, כשר, אָרענטלעך לעבן, דערציאונג פון קינדער אין גאָטס גוטע ׳וועגן, אַ לעבן פון האָפענונג און שטרעבן. זיין אַרבייט אין פאראייביקן דעם אָנדיינק פון אונזערע קדושים וועט פארבלייבן לתהילה ולתפארת.

אונזער חשובער און געאַכטעטער רבי רב יוסעלע ראבינוביץ און אונזער באליבטע כלל־טוערין חנה גרובער פון דעטרויט, מיש., אַמעריקע, וועלכע האָבן אונז געהאָלפן מיט פאפיר פאַרן בוך און דוד מילער און זיין פרוי, צוזאמען מיט זיין פאָטער לייביש מילער און פרוי און אייניקע בערעזנער פון קאנאדע, וואָס האָבן געהאָלפן מיט געלט און דערמעגליכט אַזוי אַרום דאס אַרויסגעבן דאס בוך, זיי אַלע וועלן אויף אייביק דערמאָנט ווערן לטובה.

און די אַלע, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן הן מיט געלט הן מיט אַרבייט זאָגן מיר ישר כוח!

ארגון יוצאי ברזנה—וואהלין

# חשובע לאַנדסלייט!

נישט לייכט קומט אונז אָן אַרויסגעבן דאָס בוך „מיין שטעטעלע בערעזנע".
דאָס בוך האָט געדאַרפט אַרומנעמען בערעזנע פון אַמאָל, די צייט פון דער פוילישער הערשאַפט און נאָכער די אַנאַרכיע־צייט — אָן אַ הערשער. דאַן די רוסישע צוריק־הערשונג אויף בעלאָרוסיע. דאָס אַריינגיין פון די דייטשן, די געטאָ און די פאַרניכטונג פון יידישער בערעזנע. מיר האָבן זיך געווענדעט ניט איינמאָל צו די לאַנדסלייט סיי אַלטע ווי נייע עולים דורך בריף און אויף אַנדערע וועגן אום באַקומען פון זיי באַשרייבונגען איבער בערעזנע, אָבער זייער ווייניק האָבן זיך אָפּגערופן. ניט נאָר די אַלט איינגעזעסענע, נאָר אויך נייע עולים וואָס יעדער פון זיי וואָלט פאַר זיך געקענט אַרויסגעבן אַ בוך פון זייערע איבערלעבענישן. כאָטש מיר ווייסן אַז פיל וואָלטן וועלן אַנטלויפן פון יענער צייט און זיך צוריק אַפילו אין געדאַנק ניט אומקערן, אָבער ס'איז אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט, אַז אין דער יידישער געשיכטע זאָל אַלץ פאַרשריבן ווערן פון יעדער שטאָט און שטעטל, וואָס דער נייער עמלק האָט אָפּגעטאָן דעם יידישן פאָלק, וויפיל קרבנות עס זענען געפאַלן אין יעדן שטאָט און שטעטל פון די היטלערישע מערדער הענט. ווייל די דייטשע באַרבאַרן האָבן פון שטענדיק אָן זיך אויסגעצייכנט אַלס מייסטער צו פאַרדעקן און פאַרווישן (אין אַ קורצער צייט נאָך יעדן קריג, וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן) די שפורן פון זייערע באַרבאַרישע טאַטן. דאָס מאָל האָבן מיר צו טייער באַצאָלט, אַ דריטל און מער נאָך פון יידישן פאָלק, דער וויכטיקסטער טייל פון פאָלק איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשע באַרבאַרן מיט זייערע צוהעלפער פון אַנדערע פעלקער, זייענדיק אַליין פאַרשקלאַפט ביי די דייטשע פאַרכאַפּער. איבערהויפט האָבן זיך אויסגעצייכנט די אוקראַאינער פּאָגראָמשטשיקעס, אַמאָליקע פּעטלורעווצעס, וואָס האָבן געגלויבט דורכן יידישן בלוט אַ פּופּן־מלוכה פאַר זיך שאַפן און אין דער אמתן האָט געשפּילט אַ ראָל די שנאה פון שטענדיק אָן צו די יידן.

אַרויסגעגעבן דאָס בוך האָבן ניט געבוירענע שרייבער. עס איז אַ זאַמלונג פון פּערזענלעכע זכרונות און אויפגעכאַפּטע דערציילונגען פון נייע אָנגעקומענע, וואָס האָבן זיך אויף אַ געוויסן אופן געראַטעוועט אין לעצטן מאָמענט פון די מערדער, און גיבן איבער זכרונות איבערן געטאָ אין בערעזנע, איבער דער אויסראָטונגס־אַקציע, געהערט פון באַקאַנטע פּויערים א.א.וו. מיר זיינען גרייט אויפנעמען יעדע

ריכטיקע קריטיק מיטן צוועק אויסצובעסערן. מיר בעטן, אונז אויך אויפמערקזאַם צו מאכן יעדע אומפּונקלטיכקייט, ווי אויך וועלן מיר מיט פרייד אויפנעמען נייעס מאַטעריאַל וואָס אָנבעלאַנגט אונזער שטעטעלע בערעזנע. און די אַלע וואָס האָבן אונז מיטגעהאָלפן מיט ראַט און טאַט, זאָגן מיר: אונזער בעסטן דאַנק!

מיר דאַנקען די אַלע, וואָס האָבן אונז אויסגעבאָרגט בילדער, פיל וואָס בא זיי איז דאָס געווען די איינציקע זאַך, וואָס איז זיי געבליבן אַלס זכרון, ווי אויך די אַלע, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונזער רוף און געשיקט מאַטעריאַל אין שריפט און בילד.

ד״ר ג. בייגיל

# איינלייטונג

פּרעה, יון און רוים, גירוש ספרד, פּאָגראָמען אין אוקראַינע, דאָס אַלעס איז אַ קינדער־שפּיל אַקעגן אושוויענצים און מײַדאַנעק און אויסראָטונגס־אַקציעס פון פאַרויס פּלאַנירט. מער ווי אַ דריטל פון יידנטום איז פאַרשוואונדן. עס איז ניט נאָר אַ מאַטעמאַטישער חשבון פון אַזוי פיל און אַזוי פיל יידן פאַרניכטעט. דער אומגליק האָט געטראָפן דעם זאַפטיקסטן און קערנדיקסטן טייל פון יידנטום. פּוילן, ליטע און ווייס־רוסישע יידנטום, צענטרן פון רעליגיעזן, קולטורעלן און ווירטשאַפטליכן יידישן לעבן. דער צענטער פון יידישער און אויך העברעאישער ליטעראַטור, פּרעסע און קונסט, — דאָס אַלץ איז געגאַנגען צוגרונד צוזאַמען מיט כמעט זעקס מיליאָן יידן ,איינגערעכנט קינדער און זויגלינגס וואָס זענען פאַרברענט געוואָרן אין די אויוונס, געוואָרפן געוואָרן אין די גרובנס לעבעדיקערהייט, אָדער געשאָסן באַם ראַנד פון אַ גרוב„ און אויף אַנדערע אופנים. אין די אַקציעס האָבן אַנטייל גענומען ניט נאָר די היטלער מערדער, נאָר אויך מיטהעלפער פון אַנדערע נאַציאָנען ווי אוקראַינער, פּאָליאַקן און אַנדערע, וועלכע האָבן נאָכער אַליין געפילט די מערדערישע האַנט פון די היטלעריסטן.

דאָס יידנטום אין דער גאַנצער וועלט וועט געדיינקען אייביק די פאַרלוירענע ברודער און וועט ניט פאַרגעסן דאָס דייטשע מערדער פאָלק, וואָס האָט אין זיין גרעסטער מערהייט אַנטייל גענומען און צוגעשוויגן די מערדערישע טאָטן קעגן יידישן פאָלק. כבוד דעם אנדיינק פון די יידישע קדושים, וואָס זענען געפאַלן אויפן מזבח פון זייער יידישקייט. צו שאַנד און צו שפּאָט זאָל אויף אייביק בלייבן אַזאַ מערדעריש און אומפאַרשעמט פאָלק, וואָס האָט אויף זיין געוויסן מיליאָנען אומשולדיקע קרבנות — דאָס דייטשע פאָלק. מיר וועלן אויך ניט פאַרגעסן די אַלע פעלקער, איבערהויפּט די קליינע פעלקער, ווי האָלאַנד, שווייץ, שוועדן און נאָרוועגיען, און אויך איינצעלנע מענטשן, וואָס האָבן זייער לעבן און אַפילו אומאָפּהענגיקייט געשטעלט אין קאָן און געראַטעוועט הונדערטער יידן פון מערדערישער האַנט.

ד״ר ג. בייגיל



ד״ר נ. הרץ ביגיל
פרעזעס פון „ארגון יוצאי ברזנה״ זייט 1950

ד״ר גרץ (נפתלי) ביגיל אַ זון פון חיים ברוך און אסתר מירל ביגיל. געבוירן אין 1910 יאָר. כאָטש די צייטן זענען געווען זייער שווערע, האָבן די עלטערן אַלץ געטאָן פאר מעגלעך צו געבן די קינדער אַ גוטע דערציאונג, די בעסטע מלמדים און שולן. אָנגעהויבן ביי רב יענקל עטילעס צו פיר יאָר און איבערגעגאנגען צו רבי הערשיל רבי לייביטשקעס. דאָרטן געלערנט רש״י און גמרא. נאכער געלערנט אַ צייט ביי שטיינבערגן און דאן ביים גמרא־מלמד משה מרדכי. עברית ביים לערער יעקב אייזמאן. באזוכט דאן די שולע און גימנאזיע. צו 17 יאָר מאכט דורך איבא־צעוויטשער און קלאסעווער קבוץ און אין 1929 פארלאָזט ברעזנע נאָך ישראל

(דאן פאלעסטינע). אין בערעזנע פון פריער יוגנט טעטיק אין „החלוץ“, אויך פירער פון „החלוץ הצעיר“. גרינדער פון דער לעזע־זאַל נעבן תרבות ביבליאָטעק. מיט־גליד אין קאָמיטעט פון „התאחדות“, מזכיר פון קרן קיימת, מיטגליד פון ועד פון „תרבות“, טעטיג אין אַלע ציוניסטישע פאָנדן.

אין 35/36 יאר פארלאָזט ארץ ישראל נאך בעלגיען שטודירן מעדיצין און אין 1939 פארלאָזט בעלגיען צוליבן קריגס־אוסברוך און גייט איבער נאך שווייץ און דאָרטן ווערט טיטולירט אין 1941 דאָקטאָר מעדיצין. אין משך פון דער צייט פאר־עפנטליכט אייניקע ארבייטן און קערט זיך אום צוריק קיין ארץ ישראל אין 1945. דאן פאָרט אַלס פאָרזיצער פון אַ מעדיצינישער מיסיע נאָך עדן, צו העלפן די תימנער פליטים אין עדן. פון 1947, צוריק אין ישראל, וואו עד ארבייט אין אַ גרענעץ אָרט די גאַנצע קריגס־צייט ביז דער באפרייאונג פון ישראל פון אַראַבער. איצט שטאָט־ארצט אין תל־אביב און קינדער־ארצט אין תל־גנים אין רמת־גן. זינט 1950 פרעזידענט פון קאָמיטעט פון בערעזנער אין ישראל.

# יזכור אלהים

את הנשמות היקרות, הטהורים

הקדושים מקהילת ברזנה והסביבה,

שנפלו על מזבח יהדותם על לא עוול

בכפם בידי מרצחים טמאים. הי"ד.

# געשיכטע פון בערעזנע

אין דער לעצטער צייט באקאנט אַלס בערעזנע—וואָהלין, האָט מען אין פריער־דיקע צייטן גערופן בערעזין און אין רוסיש בערעזנויע. דאָס שטעטעלע בערעזנע איז שוין באוואוסט נאָך אין דער פוילישער היסטאָריע, דאָרטן זענען געבליבן רעשטלעך פון מאזורן, פון פוילישער אָפשטאמונג. אין 1920־טן יאָר ווען די פּאָליאַקן זענען אַריין אין ביעלאָרוסיע, האָבן זיך בא זיי דערוועקט די נאַציאָנאַלע געפילן און זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן ריידן פויליש אָנשטאָט דעם אוקראַאינישן ז'ארגאָן. אין גלויבן זענען די מאזורן שטענדיק געבליבן קאַטאָליקן. זיי האָבן געהאט אַ שיינע קירכע אינמיטן שטאָט, וואו יעדן זונטיק און אַנדערע פייער־טעג זענען אָנגעקומען מאַסן מאַזורן פון דער אומגעגנד, פייערן די יומטובים ווי אויך אויף חתונות. פון צייט צו צייט זענען אָנגעקומען אין דער קירכע הויכע קאַטאָלישע גייסטליכע און דער פריץ מאלינסקי פלעג קומען זיך באטייליקן אין די פייערונגען.

אין צייט פון כמעלניצקי, דעם יידן־פיינט, ווען זיינע קאָזאַקן האָבן שפּאַצירט פון שטאָט צו שטאָט און מען האָט אויסגעראָט די מערהייט יידן אין דער געגנט, האָט ער אויך ניט דורכגעלאָזט בערעזנע און כמעט די גאנצע יידישע באפעלקערונג איז דאן פארניכטעט געוואָרן (בערך פופציק פאמיליעס).

אין 8־טן יארהונדערט אין אין בערעזנע שוין געווען אַ יידישע קהילה. אין יאָר 1765 זענען לויט אָפיציעלע אָנגאבן געווען 267 יידן אין בערעזנע און צוזאַמען מיט דער אומגעגנט, האָבן די יידן געציילט 391, לויט אָפיציעלע מעלדונגען.

אין 1765 — 267 יידן, מיט די פון דער אומגעגנט 391 יידן
" 1778 — 79 " " 148 "
" 1784 — 105 " " 214 "
" 1787 — 172 " " 277 "

יידישע הייזער אין בערעזנע, אין 1764 — 48 הייזער
1784 — 29 "
1787 — 37 "

אין 1847 זענען אין בערעזנע געווען 1283 יידן, פון זיי: 598 מענער און 685 פרויען.

אין 1897 זענען בסך הכל געווען 4059 איינוואוינער, פון זיי: 2765 יידן און 1200 פראוואסלאוון.*

ווי די לעצטע גרעסטעוועטע גיבן איבער, זענען לעצטנס געווען אין בערעזנע איבער 5000 יידישע איינוואוינער. זייער ווייניק פון זיי זענען געבליבן ביים לעבן, פון זיי א טייל, וואס זענען אין די לעצטע דרייסיק יאר אוועק קיין ארץ ישראל אדער אין אנדערע לענדער און אין דער לעצטער צייט זענען געקומען א פאר צענדליק גרעסטעוועטע פון היטלער מערדער, זיך אויסבאהאלטנדיק אין די וועלדער אין קעלט און הונגער, א טייל וואס איז געווען אין דער רויטער ארמיי, זייענדיק מאביליזירט נאך פארן אויסברוך פון רוסיש דייטשן קאנפליקט אין צווייטן וועלט־קריג. א קליינע צאל פון בערעזנער יידן געפינען זיך אין ארגענטינע, אמעריקע און קאנאדע, אייניקע זענען געבליבן אין רוסלאנד. זייער צאל איז קליין.

אין ארץ ישראל געפינען זיך א צוויי הונדערט בערעזנער, אנגעשלאסן אין „ארגון יוצאי ברזנה—וואהלין", אין וועמענס שפיץ עס שטייט ד"ר הרץ (נפתלי) ביגיל.

## די באפעלקערונג פון בערעזנע

די באפעלקערונג אין בערעזנע גופא איז באשטאנען פון יידן און פראוואסלאוון. אין די יידישע גאסן זענען געווען א פאר קריסטן, קאשובסקי דער פעלדשער און פוגאלסקי. אין שטאט האט זיך אויך געפונען דער פוילישער קסיאנדז, וועלכער האט געוואוינט אין קאשציאל. אבער אין עטליכע גאסן און שמאלע געסלעך האבן געוואוינט פיל קריסטן פון פראוואסלאוונעם גלויבן. די גענויע צאל פון דער לעצטער צייט איז אונז ניט באוואוסט. די יידן האבן לעצטנס געציילט ביי א פינף טויזנט איינוואוינער. די יידישע הויפט גאסן זענען געווען די קאמיסארסקע גאס מיט אירע געמויערטע איין־ און צוויי־שטאקיגע הייזער, די קארעצקע גאס מיט אירע הילצערנע הייזער. אין מיטן דער רייע הייזער איז געשטאנען א קאפליצע מיט א שיינעם גארטן ארום, דארטן זענען געשטאנען פארשידענע „הייליקע" בילדער פון ליינען (די יידן האבן עס פשוט גערופן שמאטעס) און די „הייליקע מוטער". יעדן יומטוב זייערן פלעגן זיך זאמלען טויזנטער פויערן פון בערעזנע און דער סביבה, מען האט ארויסגענומען די אלע בילדער און פארויס זענען גע־גאנגען צוויי גלחים, איינער פון דער נייער שטאט, „יוסעלע" האבן אים די יידן נאכגערופן (געווען, זעט אויס, א משומד) און דער גלח פון די ליפקעס. געקומען זענען זיי באגלייט פון זייערע דיאקאנס און פון די קלויסטערס געקומען ביז דער קאפליצע. די יידן זענען תמיד אפגעקומען מיט שרעק, מען האט צוגעמאכט טיר און טויער און די קינדער ניט געלאזט ארויס אין דרויסן. אבער מיר געדיינקן ניט פון עקסצעסן קעגן יידן בא וועלכער עס איז צערעמאניע. די זקאוסקע גאס איז

* ארויסגענומען פון דער ענציקלאפעדיע אין רוסישער שפראך, פון יון המצולה, גזירות פיפי חמלניצקי י"ש.

געווען אַ קליינע און ברייטע גאַס מיט אַ שטענדיקער קאַלוזע אין מיטן, וואו חזירים האָבן זיך געריעט און געוואַרעמט אויף דער זון און געגעבן די יינגלאך אַ געלעגנ־הייט זיך נוקם זיין אין זיי מיט באוואַרפן מיט שטיינער און אַנדערע שקאַצערייען. די פאַטשאווע גאַס, וואו עס האָט זיך געפונען די פערעץ ביבליאָטעק.

מען פלעגט דערציילן פאַרשידענע געשיכטן איבער דער קאַפּליצע. אַלץ מעשיות, וואָס האָבן געוואָרפן אַ פּחד אויף דער יוגנט אין די אַלטע צייטן דורכגיין דורך דער קאַפּליצע. ווידער בייטאָג, פלעגן די חדר יינגלעך זאָגן זייענדיק פאַר דער קאַפּליצע: שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו, כי חרם הוא, און זיך אין זעלבער צייט צוהאַלטן אַ קנעפּל פון ראָק...

די באַציאונגען צווישן די יידן מיט די שכנים זענען געווען נאָרמאַלע. די פויערן פון דער סביבה זענען געווען אַסך בעסערע און האָבן זעלטן אַרויסגעוויזן סימנים פון האַס אָדער אָפּלאַכן פון אַ יידן, די שטעטישע זענען שוין געווען „מער אויפגעקלערט" און אַ זאָג טאָן פון צייט צו צייט „ז'יד" אָדער אַנדערע אויסרופן. די אַרומגעגנטיקע פויערן פלעגן קומען אין שטאָט און איינקויפן אַלץ ביי יידן און פאַרקויפן פאַרשידענע סחורות און אויך זיך באַשטעלן פאַרשידענע קליידונג בא די יידישע בעלי מלאכות. אַנדערע פלעגן נעמען צו זיך אַ בעל מלאכה, מערסטנס שניידער, וועלכע פלעגן נייען איבער דער וואָך און באַקומען תבואה און אַנדערע זאַכן פאַר זייער אַרבייט. די צייט איז געוואָרן פיל ערגער ווען די פּאָליאַקן זענען געקומען קיין בערעזנע. די שטייערן זענען געשטיגן פון יאָר צו יאָר ווי אויך האָט מען אָנגעהויבן עפענען קריסטליכע קראָמען. דאָס לעבן איז געוואָרן אַביסל שווערער, אָבער דאָך האָבן זיך יידן אַן עצה געטאָן אין יעדער צייט.

י ר י ד י ם: עס פלעגן פאַרקומען פון צייט צו צייט ירידים, וואו פיל פויערן און פויערטעס זענען זיך צוזאַמענגעקומען נאָך בערעזנע און מען האָט פאַרקויפט בהמות, חזירים און פערד. דער מסחר האָט געבליט און יידן האָבן געמאַכט פרנסה. שוין אין גראַבסקיס צייטן האָבן יידן אָנגעהויבן פילן, אַז די ערד ווערט שוואַך אונטער די פיס. אָבער זייער ווייניק יידן אין פוילן האָבן באַשלאָסן אָוועקלאָזן פוילן, וואו מען איז געווען פעסט איינגעוואָרצלט און זיך לאָזן אַהיים... אויך ניט לייכט איז געווען אָנקומען נאָך ארץ ישראל. די רייכע האָבן זיך אָפּגעהאַלטן און די מיטעלע און אָרימע מאַסן האָבן ניט געקענט פריי פאָרן. ווען פוילן איז געווען פריי צום פאַרלאָזן, איז ארץ ישראל געווען צו מיט זיבן ענגלישע שלעסער. אָט אַזוי האָט ענגלאַנד אַ שיינעם חלק אין דער פאַרניכטונג פון מיליאָנען יידן אין פוילן און פון אַנדערע לענדער...

געגרענעצט האָט זיך בערעזנע פון איין זייט מיטן סלוץ, אַ היבשער טייך, וואָס האָט פון צייט צו צייט איבערגעשטיגן די ברעגן און פאַרגאָסן גרויסע שטחים, צענדליקער קילאָמעטערס, אָוועקגעשלעפט גרעבליעס, אַזוי אָנגעהאַלטן אַ פּאָר וואָכן און זיך דאַן ווידער באַרוהיגט, זיך אומגעקערט צו זיין גרויס. לייגנ אויס מזרח־מערב זייט, די ליידיקע פעלדער אויפן וועג קיין מאַלינסק, צפון זייט די נייע שטאָט, און די ליפּקעס דרום צו. עטליכע גאַסן מיט קאַמיסאַרסקע בראש.

צווײ גאַסן בריקירט, די איבעריקע זאַמדיקע, מיט הילצערנע קלאָטקעס.

קײן גענויע דאַטן זענען ניטאָ, װען בערעזנע האָט זיך אָנגעהויבן בויען, אָבער שוין אין כמעלניצקעס צײטן י״ש זענען געװען אַ 50 יידישע פאַמיליעס. די הײזער זענען געװען געבויט אויף די באָדנס פון גראַף מאַלינסקי, װעלכער האָט



קאַמיסאַרסקע גאַס אין בערעזנע

באַקומען יעדעס יאָר פינף רובל אין גאָלד פאַרן באָדן. ער איז געװען אײנער פון די רײכע מאַגנאַטן אין פוילן, פאַרמאָגט װעלדער און פאַלװאַרקן. דער יונגער זון האָט מערסטנטײלס געלעבט אין פראַנקרײך, און װי מען זאָגט, געװען אַ יידן־שונא און אפילו געשריבן אַ פאַמפלעט־בוך קעגן די יידן. די פאַרבינדונג פון בערעזנע מיט ראָװנע איז געװען מיט פערד און װאָגן דורך דער סטאַנציע מאַלינסק. ביז אין יאָר 1927 האָט חיים לײזער דראַכלער אַראָפּגעבראַכט אַ רױטן אױטאָמאָביל (פּונקט װי די אױטאָס װאָס פירן פלײש אין תל־אביב) און דאַן איז געקומען אַ סוף צו דער בעלי־עגלה׳רײ אין בערעזנע. די בעלי עגלות האָבן מיט װײטיק געקוקט אויף זײערע פערד, װאָס האָבן זײ געשפּײזט מיט כבוד פון דור דורות, געפּרובט פירן אַ קאַמף מיטן נײעם תקיף, עס האָבן ניט געהאָלפן קײנע קללות און סטראַשונקעס. אײניקע בעלי־עגלות זענען אַרײַן אין שותפות מיט חיים לײזערן און אַפילו די פויערן, װאָס האָבן זיך געצלמט, זעענדיק אַ „שד״ שטופּט דעם װאָגן... האָבן זיך צוגעװאױנט, װי אויך די צעבונטעװעטע פערד פון דער ערשטער צײט. בערעזנע איז געװאָרן מאָדערנע: אױס פערד און װאָגן, ס׳לעבט דער אױטאָמאָביל.

ד״ר ג. ב.

# פרנסות אין בערעזנע

ווי אין דער גאנצער אַרומגעגנד, אין שטעט און שטעטלעך, האָבן די יידן אין בערעזנע זיך פאַרנומען מערסטנטיילס מיט מסחר. אין דער ערשטער ריי האָבן זיך די יידן פאַרנומען מיט מאַנופאַקטור מסחר. פון די רייכערע סוחרים איז צו דערמאָנען מנחם און בנימין שמש, די ראַכמאַנעס, מאָטעלע חאמוס, דוד שיינבלום און פיל אַנדערע קלענערע סוחרים. זיי האָבן צוגעשטעלט פאַר די דאָרפס־גייער סחורות, וועלכע זיי האָבן פאַרקויפט די פויערן פון די דערפער און פאַר דעם געבראַכט פאַרשיידענע פראָדוקטן ווי קאָרן, ווייץ און אַנדערע סאָרטן תבואה ווי אויך אייער, עופות, פעל און גריבעס און עס נאכער פארקויפט צו גרעסערע סוחרים. פיל יידן זענען געווען תבואה־הענדלער, ווי גרשון ליבערמאן, אליעזר וויינשטיין, יאָסקע רעכט, חיים קופערשטיין, רבי יהודה פולישוק, ישראל סופר און אַנדערע.

פון ראַכוואַרגער דערמאָנען: מיכל זוסמאן, הערשיל כץ, (היינט אין אַרגענ־טינע), מאָטל מאלאוויצקע, מענדל קאנאניץ (קושעליק), ער איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער סוחר, נאָר אויך אַ פאַרברענטער חסיד און שטענדיק זינגען אדיר במלוכה" ביים רבין. מענדל און אליהו קוטין און פיל אַנדערע קלענערע סוחרים פון די סחורות ווי פעל, גריבעס, חזיר־האָר, וואַקס, פוטערוואַרג, פעלכענס פון טכערלאַך און בילקאלאַך, האָזן.

פיל האָבן זיך פאַרנומען מיט האָלץ בראַנזשע און טארטאקן ווי רבי שוליע צימערמאן, וועלוויל וואקס, די ברידער האנדעלמאן, לייב קלייט ,שמוקלער, דאַן האָלץ־הענדלער ווי מאָטל באראדאליי, רבי חיים ברוך ביגיל און עטליכע בראקערס ווי יצחק קוץ און שרייבער פון די ליפקעס.

לעדער בראַנז׳ע און שיכוואַרג אויסגעאַרבייטע: יהושע פליישאן, אהרון פליישאן, ביילע און ניסן סאפאזניק, פנחס לובלינער א.א.

אייזן בראַנז׳ע: די דייטשמאנס, פעל, גארינשטיין, ליטוואקעס. פיל האָבן געהאַט געוועלבער און גאַלאַנטעריע, ווי פיציע דיין, רבי נח בולבע מיט די קינדער, די שירזיקעס, בעבצוק און אַנדערע. זיי האָבן צוגעשטעלט אַלץ פאַר די שניידערס.

עס זענען געווען פיל קצבים, וואָס האָבן צוגעשטעלט פלייש פאר דער בערעזנער באפעלקערונג, צווישן זיי רבי מרדכי גוז, אהריל טורקוביץ, משה טורקוביץ, נפתולקע ליסאק, רבי אברמצע פוקס, גענדלער און כץ. נעבן זיי זענען געווען עטליכע שוחטים, יראי שמים, ווי רבי אליעזר שוחט און זיין זון שלמה ז״ל. רבי אברהם און מיכל פוקס, אַ ציידענער יונגערמאן, זייער געווען באליבט אין בערעזנע. היינט פיל מלמדים ווי רבי משה מארימס, רבי יעקב עטעלעס, רבי אליעזר פייביש מעדוועד, רבי קלמן דער מלמד, רבי הערשל, רב לייבישקעס, רבי משה מרדכעס,

דער באַרימטער גמרא־מלמד; דאן די לערערס ווי אליעזר שטיינבערג, כתבא רבה, רבי מאיר איצעלעס, רבי משה סמאלעס, פּאַמעראַניעץ, יוסף בן ציון ביגיל, מאַטקע גאנדעלמאַן, דוד גלעזער א.א. רבי אהרון באַראַז, רב דקהילה. דער בערעזנער דיין, רבי לייביש לערנער, אַ גרויסער למדן און תלמיד חכם.

אָבער פיל יידן האָבן געלעבט פון אַרבייט, אַזוי זענען געווען סטעלמאַכעס, שניידערס, קאַוואַלעס, שוסטערס און מולאַרעס, בלעכער און שלאָסערס, היטלמאַכער, דאַמען־שניידערס. דאן זענען געווען שמאַטיאַרעס, וועלכע האָבן געקליבן שמאַטעס און פאַרקויפט צו רב דוד שיינבלום און רב אשר פישמאַן.

אַ קלעזמער משפחה איז געווען אין בערעזנע, פון זיי דריי פידל שפילער — מיכל שפילמאַן, ברוך בילינקע, קלאַרענעט, שפילמאַנס זון, פידלער, דער אַלטער בילינקע מיט דער טרובע, דער אַלטער מיטן באַס און בירל דער פידלער, צו זיי חיים שמחה מיט דעם פּויק. ניט געווען קיין יידישע חתונה אָן זיי.

די האָלץ בראַנזש'ע איז געווען זייער אַנטוויקלט אין בערעזנער געגנט: מען האָט געטריבן קלעצער מיטן טייך ביזן ווייכסל און פון דאָרט קיין דאַנציג. רב יהודיל שוחט איז געווען שטענדיק אין די וועגן. אין בערעזנע זענען געווען גרויסע ביוראָס פון די האָלץ סוחרים אין דער געגנט. נעבן בערעזנע איז געווען דער דאָרף מאַקווין, זעקס ווערסט פון שטאָט און דאָרט האָבן זיך געפונען אַ פּאָר יידישע פאַמיליעס. רב יענקיל שפּין איז געווען דירעקטאָר פון דער פּאַפּיר־פאַבריק און זיין עלטערער זון אליהו איז געווען מייסטער טעכניקער. אָט אַזוי האָבן זיך געשפּייזט קנאַפּע פינף טויזנט יידן אין בערעזנע.

אין בערעזנע האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין קרעדיט. געקומען שווערע צייטן. מען האָט אָנגעהויבן פאַרלאַנגען צאָלן מזומן און אין 1924 (בערך) האָט זיך גע־גרינדעט די קאָאָפּעראַציע־באַנק מיט מאָטל מאַלאַוויצקי אַלס דירעקטאָר, געכמאַן קאַסירער, רב לייביש ליבערזאָן, בוכהאַלטער און פאַרזיצער איז געווען רב נחום גענדלער. די באַנק האָט געטיילט הלואות אויף לייַנגערע צייטן און די קלענערע סוחרים האָבן געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם...

אַפילו אַ שדכן האָט בערעזנע געהאַט אַן אייגענעם, רבי גרשון דער שדכן האָט מען אים גערופן. קיין פיל שדוכים האָט ער ניט באַוויזן אויספירן. און בכדי צוקלאַפּן צו דער פרנסה, האָט זיין ווייב צעגעהאַנדלט מיט טעפּ, עס זענען געווען אַ סך קלייטניקעס, וואָס האָבן פאַרקויפט מעל און אַנדערע עסנוואַרג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

ירידן פלעגן פאַרקומען פון צייט צו צייט און דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַן אויפלעבונג אין מסחר. אָבער דער היטלער אַנפאַל אויף דער געגנט האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלץ און אַלעמען.

ד״ר ג. ב. ק.

# די רבנישע דינאסטיע אין בערעזנע

פון הרב אהרלע פצניק (מתוך „ילקוט וואהלין")

פונכצן קילאָמעטער פון דער באַן סטאַנציע מאַלינסק אויף דעם וועג ראָוונע־ווילנע. אַ יידיש שטעטל ווי אַלע יידישע שטעטלעך אין דער געגנט מיט איר הויפט גאַס און קלענערע געסלעך, די גרויסע שול מיט די קליינע בתי מדרשים און להבדיל אַ גרויסער מארק אין אַ רונדער פאָרם מיט דער אופראווע אין דער מיט. האָט בערעזנע געהאַט אירע יידן לערנער און בכבודיקע יידן. משכילים און אפי־קורסים, בעלי טאַקסע תקיפים און כלל טוער, אַפילו אירע אייגענע משוגעים... און דאָס יידישע לעבן איז זיך געפלאָסן ווי אַ רוהיק טייכל. די שולן זענען געווען פול מיט יידן, וואָס האָבן בא חלבנע ליכט געלערנט תלמוד אין אַלטע פאַרגעלבטע ספרים.

אָבער די יוגנט האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט פייער און ברען אין די מאָדערנע באוועגונגען, ציוניזם, סאָציאַליזם, תרבות און יידישע ליטעראַטור, מיט ליבע צום פאָלק און זיין צוקונפט. און איצט געפינט זיך אפילו אַ מנין יידן אין בערעזנע, נאָך דער שחיטה פון די היטלעריסטן, ציען ווייטער די גאָלדענע יידישע קייט, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן מיט אַזאַ אַכזריות?!

בערעזנע איז באַקאַנט געוואָרן דער וועלט אַדאַנק דער רבנישער דינאַסטיע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין שטעטל אָנהויב ניינצענטן יאָרהונדערט. די גראָפן וואָס האָבן בעליבאַטעוועט מיט די באָדנס פון די יידישע שטעטלעך, איבערבלייבעניש פון מיטל־אַלטער (תקופת ימי הביניים) האָבן געזוכט וועגן נאָך מער רייך ווערן, האָבן פריצים זיך באַמיט אַריינציען רבנישע פאַמיליעס און זייערע שטעט, ווייל די מאַסן האָבן דאַן געצויגן נאָך רבנים. דער חסידיזם איז דאַן געווען אין אויפ־גאַנג. אַזוי האָט דער בערעזנער „פריץ" אַרויסגענומען רב יחיאל מיכל פצניק, וואָס איז דאַן געווען אין סטאָלין — פאָלעסיע, וואו דאָרטן איז געווען אַ באַזונ־דערער חסידישער הויף. האָט אים געגעבן באָדן און געהאָלפן אויפבויען אַ הויז און, פון רבי מיכעלע דעם בערעזנעם האָט זיך אָנגהויבן די בערעזנער רבנים־פאַמיליע.

רבי מיכעלע איז געווען דעם סטעפאַניער מגיד'ס זון רבי דוד הלוי, אַ שילער פון מעזעריצער מגיד, אַן אייניקל פון רבי דוד הלוי, דער בעל „טורי זהב" און איידים פון גרויסן חסידישן פירער רבי יחיאל מיכל, דער זלאַטשעווער מגיד. שוין זייענדיק אין סטאָלין איז רבי מיכעלע געזעסן יומם ולילה און געלערנט תורה אין שטאָטישן בית המדרש מיט זיין זון יצחק'ל, אַן איידעם פון רבי אהרון דער צער־

נאָבעלער. די רביצין איז געווען אַ קרעמערין און געשפּייזט די פאַמיליע, אַז דער מאַן און זאָלן קענען זיך איבערגעבן צום לערנען. רבי יצחק׳ל האָט געשם׳ט פאַר אַ עילוי און מען האָט אים זייער געאַכטעט און ליב געהאַט אין צערנאָביל.

די בערעזנער דינאַסטיע האָט זיך אַנטוויקלט שטאַרק אין צייט פון רבי יצחק׳ל, וואָס האָט געשם׳ט פאַר אַ צדיק און בעל מופת. אפילו קריסטן זענען געקומען צום רבין, איבערהויפּט פון פּאָלעסיע. אָבער די מערהייט חסידים זענען געווען פּשוטע בעלי מלאכות, וואָס זענען בלינדערהייט נאָכגעגאַנגען זייער רבין און געגלויבט אין אים און איבערגעגעבן זייער גורל אין זיינע הענט. רבי יצחק׳ל אין געווען אויסן אין שטעט און שטעטלעך און דערצויגן זיינע חסידים צו תורה און מעשים טובים און גרויס גלויבן אין השם יתברך. און וואָס עס האָט פּאַסירט צו אַ שמחה אָדער חלילה אַ צרה, איז מען געלאָפן צום רבין. זייענדיק צוזאַמען מיטן רבין האָט יעדער פאַר־געסן צרות און דאגות, מען האָט זיך דערהויבן צו עלית נשמות...

אין תרכ״ה איז רבי יצחק׳ל נפטר געוואָרן און זיין זון רבי יוסעלע איז געזעסן אויף זיין פּלאַץ ניט מער ווי פיר יאָר. אָבער גענוג געווען פיר יאָר, אַז ער זאָל איבערלאָזן נאָך זיך פאַרשידענע וואונדער־געשיכטן. אויך זיין טויט האָט אַרויס־גערופן גרויס בייפאַל בא די חסידים. פיל זענען געווען די חסידים צו די ימים נוראים האָט ער זיי אַלעמען פאַרהאַלטן אויף שמחת תורה און זיי געזאָגט: איילט זיך ניט, איר וועט קיין חרטה ניט האָבן. פאַר נאַכט שמחת תורה האָט ער גערופן זיינע זון און זיי אָנגעזאָגט ווי זיי זאָלן זיך אויפפירן. די גאַנצע נאַכט אין ער געווען מיט די חסידים און צו מאָרגנס איז ער געלאָפן אין מקוה, זיך אומגעקערט און אין בית המדרש האָט ער געהויכט זיין נשמה. אַלט געווען בס״ה 36 יאָר.

נאָך רבי יוסעלעס טויט האָט נאָך געלעבט די רביצין פּערעלע און זיין עלטער־זיידע רב אהרון צערנאָבעלער. דער עלטסטער זון זיינער איז דאַן אַלט געווען אַכצן יאָר. רבי אהרון צערנאָבעלער האָט געהייסן אַז רבי שמואלקע, דער עלטסטער זון זאָל זיין רבי אין בערעזנע. ער האָט געפירט חסידות אין בערעזנע אין משך פון 49 יאָר. נפטר געוואָרן ענדע 1917־טן יאָר. געווען משפחה מיט דעם בעלזער רבין, וואָס איז געווען באַרימט אין דער גאַרער וועלט. נאָך רבי שמואלקעס טויט איז אויף כסא רבנות אַרויף רבי יצחק׳ל, דער עלטסטער זון. רבי נחומקע האָט זיך באַזעצט אין דאָמבראָוויצע און רבי יוסעלע איז אַוועק און זיך באַזעצט אין סאַרני.

רבי יצחק׳ל האָט געהאַט פאַר אַ פרוי די רביצין חייהלה, וואָס האָט אָנגעפירט אַליין מיטן הויז. זי האָט אים געבראַכט צוויי זון און צוויי טעכטער. רבי אהרעלע האָט זיך באַזעצט אין ראָוונע און רב מיכעלע האָט אַ צייט שטודירט אין ירושלימער אוניווערזיטעט. קיינער איז פון די קינדער ניט געבליבן. רבי יצחק׳ל האָט זיך שטאַרק באַליבט געמאַכט אין וואָלין און אין פּאָלעסיע איז געזעסן אויף רבינס שטול פון סוף 1917 ביז ענדע 1939 און געהאַט די זכיה ניט אַדורכמאַכן די היטלער צייט.

פון דערזעלבער דינאַסטיע זענען אַרויסגעקומען די רבנים רבי חיימקה טויב־מאַן פון בערעזנע. וועגן זיי אין אַ באַזונדערן אַרטיקל.

(איבערזעצט דורך ד״ר ג. ב.)



## הצדיק רבי שמואלקע זצ״ל

ווי אַ געטרייער פאסטוך האָט ער געפּיטערט דעם גרעסטן טייל פון בערעזנער און אַרומגעגנדע יידן, ביז פּינסק, לוניניעץ און אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין וואָלינער געגנט. אַ נידריק ברייט־פּלייציקער ייד מיט אַ גרוי־געלבלעכע באָרד מיט צוויי גרויסע ברעמען, פון וועלכע עס דרינגען אַרויס צוויי שאַרפע דורכדרינגליכע אויגן, אָנגעטון אין אַ זיידענער קאַפּאָטע מיט אַ ברייטן גארטל מיט ווייסע הויזן האָט ער אַריינקומענדיק אין בית המדרש אַרויסגערופן גרויס כבוד און ליבע פון אַלעמען. אַלץ איז געשטאַנען מיט יראת הכבוד פאַרן צדיק. יעדן שבת זענען די חסידים געקומען צום רבינס טיש, און מוצאי שבת, נאָך די שלוש סעודות וואו יעדער האָט זיך געשטופּט נאָך אַ כזית און אַ שטיקל געפילטע פיש, האָט דער רבי געמאכט בהרחבה די הבדלה און יעדערן געגעבן שמעקן די בשמים, אנשמירן מיטן

וויין וואָס ער האָט פאַרלאָשן די הבדלה, אונטער די אויגן. זיין גוטע וואָך און ווער שמועסט ווער עס האָט זוכה געווען אַ דרוק מיט דער האנט און צוגעוואונשן אַ גוטע וואָך איז געווען זיכער אין אַ פרנסהדיקע וואָך. די שמחה ביים רבין אין שטוב שמחת תורה, דער תקיף במלוכה האָט די ווענט געטרייסלט, און חנוכה האָט מען זיך געאיילט צום רבין הערן בענטשן חנוכה ליכטלעך. איך געדיינק די לעצטע טעג פון רבין ז״ל. די יידן האָבן תהילים געזאָגט אין אַלע בתי מדרשים. די לעצטע נאַכט איז בערעזנע ניט געשלאָפן. רב אליהו פון דער נייער שטאט האָט מיט זיין לויטערן קול געהילכט די תהילים קאפיטלעך און קהל האָט אים נאכגעזאָגט. און אַז דער צדיק איז נסתלק געוואָרן, איז אַ טרויער און יאמעריי געוואָרן אין שטעטל אויף אַ לאנגע צייט. בערעזנער יידן האָבן געגלויבט אין די ווערטער פון דער הבדלה ווי דער צדיק פלעג זיי מיט דבקות זאָגן: הנה אל ישועתי, אבטח ולא אפחד... און אין מעוז צור ישועתי, וואָס מען האָט יעדעס יאָר מיט אַ ספּעציעלן נוסח געזונגען... איז עס מעגליך אַז אַזוי איז געווען דער ווילן פון גאָט ?!



## רבי יצחקל בן הרב הצדיק רב שמואלקע זצ״ל

נאָכן נפטר ווערן פון רב שמואלקען איז דער פאטער פון די בערעזנער חסידים געוואָרן רב יצחקל. אַ שיינער ייד, אַ הדרת פנים מיט אַ שוואַרץ שיינער באָרד,



רב אהרעלע בן הרב רב יצחקל זצ״ל



רב מיכעלע בן הרב רב יצחקל זצ״ל

הויך, ברייט, כולו הוד והדר. זייער באליבט געווען ביי אַלע חסידים. וועלטליך און פרום. זייענדיק בקי אין לאטיין און זיך אויסגעקענט אויף רפואות, זענען די יידישע מאַמעס געלאָפן צום רבי ווייזן די רעצעפטן און פרעגן אַן עצה צו נעמען די רפואָה. נסתלק געוואָרן נאָך פארן חורבן און אַזוי ארום ניט באדארפט אויסשטיין די צרות צוקוקון ווי עמך ישראל גייט צו גרונט. איבערגעלאָזט צוויי זין און צוויי טעכטער. אַלע אומגעקומען אין דער גרויסער שחיטה. רב אהרעלע האָט לעצטנס געוואוינט אין ראָוונע און שוין געהאט זיין בית מדרש מיט זיינע חסידים. אומגעקומען אין וואלד. איבערגעלאָזט אַ פרוי און צוויי טעכטער, אַלע אין ישראל.

פון דער רבנישער משפחה זענען אין ישראל דאָ די רביצין חאסעלע מיט אירע צוויי זון אהרעלע און מאָטעלע פערלאָוו. דער לעצטער איז געווען אין דער פאַר־טיזאנקע און אויסגעצייכנט צוויי מאָל פאַר העלדישקייט קעגן די היטלעריסטישע מערדער.

ד״ר ג. ביגיל



הרב הג׳ מוה״ר הרב רב אהרון טויבמן זצ״ל

## רבי אהרעלע בר׳ חיימקעס ז״ל

איז געווען אַ זייער באליבטער רבי מיט זיין פשטות, פאָלקסטימליכקייט און פרומ־קייט. מיט זיין גוטהארציקייט האָט ער זיך באליבט געמאכט ביי די חסידים. זיין עלטערער זון רבי לייבעלע איז נאָך אין פריער יוגנט אַוועק קיין ישראל און פאַר־נומען אַן אנגעזעענעם פאָסטן אין דער סוכנות און דאן אין קרן קימת לישראל. אַ פעהיקער שרייבער, באטייליגט זיך איצט אין „הצופה״, אָרגאן פון מזרחי. נאָכן טויט פון רבי אהרעלע האָבן חסידים באשלאָסן אַוועקזעצן אויפן כסא רבנות דעם מיטעלן זון רבי חיימקע, כדי מקיים זיין די משפחה. נאָך צוויי קינדער זענען געבליבן ביים לעבן און בײדע אין ישראל, רבי לייבעלע און פערילע, די פרוי פון הרב דרוביצער.

# הרב רבי גדליהו ז"ל

(רב גידאלציע), דער זון פון הרב רבי חיימקע ז"ל ,דער יונגסטער פון רבי חיימקעס צוויי זון, איז געזעסן אויפן רבנים שטול אין בערעזנע (צוזאמען מיטן עלטערן ברודער רבי אהרעלע זצ"ל) איז געווען אַ גרויסער למדן, בקי אין ש"ס און פוסקים. זיינע חסידים זענען געקומען צו אים אויף ד"ת און אויף שאלות. האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיין דבקות אין יידנטום און ליבע צום פאָלק ישראל. די צרות וואָס האָבן זיך געמערט אויפן פוילישן יידנטום נאָך פארן צווייטן וועלט־קריג האָבן אים



הרב הג' ר' גדליה זצ"ל

קראנק געמאכט. האָט זייער געליטן איבערן דרוק אויף די יידישע קהילות. געווען זייער טיכטיק אין אַלע צדקה אַנשטאַלטן און גמילות חסדים קאַסעס. פאר פסח איז ער תמיד אַליין מיטגעגאנגען מיט קהל מענטשן פון הויז צו הויז און געזאמלט מעות חיטין, וויין לפסח פאר ארעמע. זיין חלום איז געווען עולה זיין קיין ארץ ישראל, לערנען לשמו און לעבן אפילו אין דחקות, אַבי פארלאָזן דעם ביטערן גלות, אָבער האָט ניט געקענט אָוועקלאָזן זיינע פריינט און חסידים. עס איז אפשר נגזר געוואָרן טרינקען דעם ביטערן טראָפן צוזאמען מיט דער בערעזנער קהילה און צוזען דאָך בושעווען פון די דייטשן און רוצחישע אוקראינער. דער טרויעריקער סוף פון בערעזנער קהילה האָט אַ סוף געמאכט צו זיינע שטרעבונגען. זיין אָרט געפינט זיך אין ברודער קבר צוזאמען מיט זיינע חסידים. הי"ד.

פנינה רבינוביץ (זיין טאָכטער), ישראל

שמואלקע, זיין זון, איז געווען זייער אַ פייאיקער, אָבער געווען אַ פרייער אין דענקן. אָבער אַז ער איז מער עלטער געוואָרן, האָט ער זיך אומגעקערט צום מקור. האָט צוריק אָנגעהויבן אַריינקוקן אין די קליינע אותיות און נאכער געלערנט שוחטות. געהייראַט מיט רבי אהרן באראז'ס טאָכטער. געווען טיכטיק אין דער ציוניסטישער באוועגונג אין אַלע אירע אָפצווייגונגען.



**דער רבי הרה״צ הג׳ בנש״ק מוהר״ר בן ציון ראבינאוויץ שליט״א**
**ארעלער — בערעזנער רבי**

**בן האדמו״ר הרה״צ הג׳ המפורסם מוהר״ר משלם זוסיא זצ״ל מארעל**
**ונכד הרה״צ הג׳ המפורסם אדמו״ר ר׳ שמואל זצ״ל מבערעזנע**
**איז אָנגעקומען קיין אמעריקא בשנת תרפ״ו. אָבוואויל נאָך זייער יונג, האָט נישט**

גענומען לאנג און אמעריקאנישע יידישע וועלט בכלל און די חסידישע וועלט בפרט האָבן גלייך אויסגעפונען וואָס פאַר אַ גרויסע פערזענליכקייט דער רבי איז, און זייענדיק אין ניו־יורק אַ פאָר חדשים האָט דער רבי שליט״א באקומען אן איינלא־דונג פון דעטרויטער יידנטום בכלל און פון דער חסידישער וועלט בפרט צו קומען פאר אַ באזוך. און די ערשטע וואָך זייענדיק אין דעטרויט, האָט דער רבי שליט״א באקומען אַ גרויס נאכפאלגערשאפט מיט דעם פארלאנג זיך צו באזעצן אין דעטרויט. דער רבי שליט״ האָט אָבער זיינע פריינד געשטעלט איין פארלאנג אויב צו בלייבן אין דעטרויט, איז נאָר דאמאלס ווען זיי וועלן אים העלפן צו גרינדן זיין אייגענע קהלה, ער זאָל נישט דארפן זיין אָפּהענגיק פון קיינעם און ער זאָל דאס קענען פירן כדרך אבותיו הקדושים. דער פארלאנג איז גלייך נאָכגעגעבן געוואָרן און אַזוי אַרום האָט זיך געשאפן די גרויסע און שיינע הייליקע שוהל „בית שמואל״ אויף דעם נאָמען פון רבינס הייליקן זיידן אדמו״ר הרה״צ ר׳ שמואל מברעזנא. עס איז קיין ספק נישט, אַז היינט צו טאָג איז פאַרעכנט די „בית שמואל״ שוהל מיט איר אַרכיטעקטור אַלס איינע פון די שענסטע. קרוב צו 400 משפחות באלאנגען צו איר, 700 זיץ־פלעצער פארמאָגט זי. ימים נוראים דאוונען אין איר איבער 1000 מענטשן. די שוהל פארמאָגט אַ שיינע ביבליאָטעק, קרוב צו 3000 ספרים לומדישע, דרוש, ספרי חקירה ומדע ווי אויך פילע חסידישע, אַ פראַכטפולע מאָדערנע מקוה מיט די בעסטע איינריכ־טונגען, אַ סאָשיאַל האָל צו פראווען שמחות, אַ כרויען פאַריין, אַ חברה תהלים ומשנה, אַ חברה גמילת חסדים, צו העלפן די, וואָס דארפן אַ גמילת חסד אָן פּראָ־צענט. אייניקע מאָל דורך דעם יאָר ווערט געמאכט אַפּילס צו העלפן נויט־באדערפ־טיקע און די מוסדות הצדקה וחסד און די ישיבות איבער דער גאָרער וועלט אַריין־גערעכנט אַ גרויסער טייל פאר ארץ ישראל. דעטראָיטער יידנטום זענען שטאָלץ מיט זייער רבין און מיט דער קהלת בית שמואל, וואָס איז איר צוועק תורה ועבודה וגמילת חסדים. און חסידיש און צו דער זעלבער צייט אַ וויכטיקער פאקטאָר אין יידישן לעבן, אַ כוח וואָס מען מוז זיך מיט אים איבעראל רעכענען.

מען זעט ווי די השגחה העליונה האָט פארהיט אַז עס זאָל ח״ו נישט אונטער־גיין די גרויסע דינאסטיע פון וואנען דער רבי שטאַמט, וואָס זיין אָפּשטאַם איז טשערנוביל, ליניץ, אפטא, קאָרעץ, מעזעריץ, זלאטשעוו, סטעפען ולמעלה בקודש. ווען מען קומט אַריין צום רבין שליט״א אָדער אין בית שמואל שוהל, פילט מען, אַז מען געפינט זיך אין אַ הייליקער אַטמאָספערע. מען דערמאָנט אין די פריערדיקע דורות, ווען מען פלעגט באזוכן די אַלטע צדיקים זי״ע. דער רבי שליט״א איז אויך זייער אַקטיוו אין אַלע שטעטישע ענינים נישט קוקנדיק וואָס ער איז אַלע מאָל פארנומען, דאָך געפינט ער צייט פאר יעדן, האָט שטענדיק אַ גוט וואָרט פאר יעדן איינעם. דעם רביס הויז איז תמיד אָפן פאַר אַלעמען און ביתו פתוח לרווחה. גרויס קרעדיט קומט אויך אונזער חשובער רעביצן הרבנית הצ׳ ב״ק מרת סימא תחי׳ בת הרה״צ המפורסם ר׳ פינחס׳ל מקאנטיקוזעווע. זי איז אַן אַמתע עזר צום רבין, נעמט אנטייל אין אַלעס און העלפט דעם רבין, ער זאָל קאנען אנגיין מיט זיין הייליקער אַרבייט און זייער הויז איז אַן אמתער גן עדן.

**דער פרעזידענט פון „בית שמואל" שוהל, ר' יצחק ראָזענבערג פון בערעזנע, האָט אַסך אויפגעטאָן און מיטגעהאָלפן אונזער חשובן רבי רב יוסעלע ראַבינאָוויץ און די פרעזידענטן פון ליידיס אקסיליער איז פרוי בעבקאק פון בערעזנע.**



„בית שמואל" אין דעטרויט, געגרינדעט דורך הרב רבינוביץ פון דעטרויט



דער אינעווייניק פון בית־הכנסת „בית שמואל" אין דעטרויט

# שולן אין בערעזנע

די גרויסע שול, וואו די מערהייט יידן האָבן געדאַוונט אין די יום טובים ווי ראש השנה און יום כפור, איבערהויפּט די חסידים פון רבי רב שמואלקע זצ״ל. צוויי בתי מדרשים פון די רבנים, די קאַמערטשעסקע שול, וואו רב יצחק ביטשקעס איז געווען גבאי. דער אַלטער בית המדרש, וואו יידן פון אַלע שיכטן זענען גע־גאַנגען דאָרטן דאַווענען מנחה מעריב און פיל יידן, צווישן זיי מתנגדים, און סטאָלינער חסידים. דאָרטן איז אויך געווען דער בית המדרש פון די בעלי דרשערס. דער סטאָלאַרעס בית המדרש. די שניידער שול און בית אברהם שול ווי אויך אַ מנין אויף דער נייער שטאָט. יומטובים פלעגן די ציוניסטן מאַכן אַ באַזונדערן מנין, וואו מען האָט פאַרקויפט מצוות און די געלט געזאַמלט פאַר פאַרשידענע קרנות.

## די גרויסע שול

אויף שקאָלנע גאַס פון איין זייט און קאַרעצקע אין פראָנט האָט זיך אויפגע־הויבן הויך די גרויסע שול מיט דער בימה אין דער מיט און אויבן אויף אַ רונדקע כיפּה מיט די שטערן און לבנה אין דער מיט. אין מזרח איז געשטאַנען דער עמוד וואו רבי יצחק יוסלס האָט אין ימים נוראים געדאַוונט אין לינקער זייט, איז מען מיט הילצערנע טרעפּ אַרויף צום ארון הקודש וואו פיל ספרי תורה מיט זילבערנע קרוינען און גאָלדענע גלעקלעך זענען געשטאַנען אין ארון און אַ רויטער פּרוכת האָט פאַרפּוצט דעם ארון. ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ קאַסטן פאַר ליכט, און רעכטס אין דער הויך איז געווען די עזרת נשים. אין דער שול איז אויך געווען קליינע שולכענס, אַ שניידער שול און אַ סטאָליער שול און אַ שוסטער שול. דאָרט האָט מען געדאַוונט אין מיטן וואָך (די גרויסע שול איז געווען פאַר שבת דאַוונען).

פון קלענערע שולן איז צו רעכנען: די צוויי רבנישע בתי מדרשים דער אַלטער בית המדרש וואו בעלי דרשערס האָבן יעדן שבת געפּריידיקט, די בית אברהם שול אויף קאַמיסאַרסקע גאַס.

# פערזענלעכקייטן אין בערעזנע



רב נחום ראובן גוטמן „דער מטיף" ז"ל

דעם ערשטן אָנזאָג פון השכלה, „עברית בעברית" און ציוניזם, האָט אין דער רבי־שער בערעזנע געבראַכט מיט זיך דער מטיף ר' נחום ראובן גוטמן. אַ פלאַם־

פייערדיקער ייד מיט אויסערגעוויינליך אָראַטאָרישע פעאיקייט, באַוואָפנט מיט פיל וויסן פון אַלטע און השכלה מקורות, און מיט אַ גרויסן גלויבן אין זיין שליחות זיינע דרשות האָבן געצויגן הונדערטער יידן ,עמך וועלכע זענען געזעסן ווי גע־שמידט אין אַלטן בית המדרש אין די זומערדיקע שבת נאכמיטאגן און ווינטערדיקע בין השמשות און דורשטיק געטרונקן פון זיינע קוואלן.

נביאיש האָט געקלונגען זיין וואָרט. אַט וועקן זיינע רייד צו מעשים טובים. אַט מוסר־ען און שטראָפן, און אַט צוגיסן זיי זיך מיט ליבשאפט און טרייסט, גלויבן און האָפענונג. עס האָט אויסגעקלאפט די גרויסע שעה!

עס האָט ניט געהאָלפן דער באפעל פון די רבנים, מען זאָל די בתי מדרשים פאר אים פארשליסן. אונטער זיין השפעה גרינדעט זיך אַ בית ספר און אַ בית המדרש דורך אברהם גייער (דעם גביר וואקס איידעם) מיט נאָמען „בית אברהם" און דער מטיף האָט זיין אייגענע בימה. אין נויט און אָרימקייט, פירט ער זיין השכלה און ציון אַרבעט אין די לעצטע צען יאָר פאר דער ערשטער וועלט מלחמה. און אַט קומען אָן די שטורמישע מלחמה טעג און ער ווערט אַלס היימלאָזער וואגלער פון אָרט צו אָרט. ווייט פון זיינע תלמידים און חברים אין אַ פרעמדער עלנט לעבט ער זיינע לעצטע טעג.

צו קאָפּנס פון זיין טויטן־בעט שטייט נאָר דאס גרויסע גלויבן אין נצח ישראל און ארץ ישראל.

מעשי נסים און דורך געוואגטע העלדן־טאטן האָט זיך פון די פעטלוראָווצעס געראַטעוועט דער איינציגער פון דעם מטיף'ס פאמיליע, זיין זון שמעריל (סעם) גוטמאן־גוטלין, וועלכער פאַרווירקליכט אין מעשים די תורה פון זיין פאָטער. אין צענטער פון ציוניסטישן לעבן אין לאָס אַנזשעלעס שטייט סעם גוטלין און זיין פרוי, אויך אַ וואַלינעריך, בעסי. פארבונדן מיט א"י דורך קרן קיימת און בית תרבות וועלכער ווערט געבויט אין נתניה דורך זיינע מיטלען, דער מוסד וועט טראָגן דעם נאָמען פון זיין פאָטער רב נחום ראובן.

י ל י

ר' אהרון באראז מיטל וואוקס, געל־האריק, מאגערער יונגערמאן, איז געווען איינער פון די בכבודיגסטע מענטשן אין בערעזנע. רב, אויסגעווײלט אַלס שטאָט רב, אַנערקענט אָפיציעל דורך דער רוסישער מאכט. אַלע יידישע ענינים ווי מעטריקעס, באשטעטיקונגען איז געווען אין זיינע הענט. בנעימותדיקער, איז ער געווען אָנגענומען ביי קהל, אַט אַ דין תורה, אַ שאלה א.א.וו. רב באראז האָט געהאַט אַ קול צום באוואונדערן. זיין דאַווענען פאַרן עמוד איז געווען אַ מייסטער זאך. זיין „ולמלשינים אַל תהי תקוה", „וכל המינים כרגע יאבדו", האָט אָפּגע־קלונגען אין שול מי ט אַזיס־טרויעריגן געזאנג. באַליבט און געאַכט דורך אַלעמען.

רבי לייביש דער דיין איז געווען אַ גרויסער למדן און חריף, אַ ייד אַ פּאַלקס־מענטש. זיין פרוי איז אומגעקומען דורך אַ בלאָנדזענדער קויל אין גאַס גייענדיק בעת די בענדעראָווצעס האָבן געבושעוועט אין שטאָט. רבי לייביש דער דיין איז געווען באַליבט און געאַכטעט דורך אַלעמען. ער האָט אויסערן פיל לערנען

איינזינען געהאט די נויטבאדערפטיקע און געפירט וואגנעס האָלץ אין די אָרעמע הייזער, עס זאָל זיין מיט וואָס דערוואַרעמען די נשמה און צום קאָכן אַ ווארעם געקעכץ. געווען מחמיר אין שאלות, אָבער די אָרעמע האָבן געהאלטן, אַז ער איז מקיל ביי זייערער אַ שאלה. אויף דער עלטער געליטן הן אין משפחה הן פון די יידישע צרות.

רבי יצחק פצניק אָדער יצחק יוסלס. פון דער רבנישער משפחה אין בערעזנע. ערשטער גבאי פון רבי שמואלקע, אַ מין הויפס פירער, ערשטער בעל תפילה אין בערעזנע. ימים נוראים און אַנדערע ימים טובים האָט רבי יצחק יוסלס אַריינגבראכט אַ יומטובדיקע שטימונג שוין גלייך אין אָנפאנג פון דאווענען. אַ וואונ־דערבארער בעל קריאה. זיין כל נדרי איז געווען להפליא. אויך דער פריסטאוו אין יענע צייטן פלעג קומען הערן כל נדרי. ער האָט אויך אָנגעפירט מיטן רבינס הויז.

רבי חיים ברוך ביגיל, אַ זון פון אריה ליב ביגיל, האָט אין דער יוגנט געלערנט אין חדרים ווי אַלע יידישע בחורים אין יענער צייט. אַ שידוך געטאָן



חיים ברוך ביגיל ז״ל
נפטר נר שני לחנוכה תש״ט



אסתר מרים ביגיל ז״ל
נפטרה בא׳ אייר תש״י

לויטן רבינס ווילן מיט איינע פון די שענסטע און בכובדיקע משפחות אין פינסק, מיט רבי יעקב אליעזר גוטליב, אַ ברודער פון באַרימטן הערצל דראשזנער, און בצלאל גוטליב פון סטאָלין. די אַלע דריי ברידער האָט מען גערופן די בערן, צוליב זייער למדות. רבי יעקב אליעזר גוטליב איז געווען אַ בערעזנער חסיד פון די ערשטע פון פינסק און קומענדיק נאָך בערעזנע אויף ימים נוראים, האָט ער אַ שמועס געכאַפּט מיטן צדיק רבי רב שמואלקע וועגן אַ בחור פאַר זיין טאָכטער און אַזוי איז אַרויס אַ שידוך. רבי חיים ברוך ביגיל איז געווען אַ שטאַרקער חסיד פון בערעזנער רבין און שטארק געגלויבט אין זיין ברכה. ווען רבי יצחקל ז״ל

איז געזעסן אויף כסא רבנות, האָט זיך רבי חיים ברוך אַרויסגעלאָזט פֿון צייט צו צייט פֿון זיינע מסחרים און אַוועק איבער שטעט און שטעטלעך אין דער אומגעגנט, אויפֿן צדיקס באַפֿעל און געבראַכט די חסידים דעם רבינס גרוס און געזאַמלט געלט פֿאַרן רבינס הויף. „גלילה ״איז געווען זיין חזקה און „תקיף במלוכה״ האָט אויפגעקלונגען זיין קול אין רבינס הויז און ראש השנה און יום כיפור האָט רבי חיים ברוך געזונגען „אין קצבה לשנותיך״, כאָטש פֿיל „חזקים״ האָבן זיך געריסן צום זינגען. און שמחת תורה האָט רבי חיים ברוך אָנגעפֿירט מיטן אָרגאַניזירן די הקפֿות און יעדן אויסגערופֿן מיט זיין טיטל און כבוד, ביז עס איז געקומען צו עמך האָט ער אַ זאָג געטון: אַלע יידן זענען מכבד לכבוד התורה! דריי מאָל געווען אין אַמעריקע און געהאַט די זכיה קומען נאָך ישראל אַסך יאָרן אײדער היטלער איז געוואָרן בעלי בית אין פּוילן. דערלעבט אַ גוט עלטער, נחת פֿון קינדער. זיין פֿרוי אסתר מרים ביגיל איז אין אַ יאָר אַרום נאָך זיין טויט געגאַנגען אין אייביקן וועג אין אַ גוט עלטער.

רבי זלמן לעווינבוק. אַ הויכער שיינער ייד אַ לערנער און אַ בכבודיקער ייד אין בערעזנע. אין שול איז ער געווען אַ בעל דעה און מיט זיין וואָרט האָט מען זיך גערעכנט. בייטאָג פֿאַרטאָן אין מסחר אָבער אין אָוונט נאָכן דאַווענען האָט מען געלערנט אין אַלטן בית המדרש.

רבי משה מרדכי דיין. א גמרא מלמד, פֿון די גרעסטע לומדים אין בערעזנע און אַ מתנגד. עס איז געווען אַ כבוד צו זיין זיין תלמיד. די מאַמעס האָבן זיך געריסן אַריינגעבן דעם זון צו רבי משה מרדכן אין חדר אַריין.

רבי דוד שיינבלום. מאַנופֿאַקטור סוחר. אַ ייד א לערנער. אַ בעל קריאה ביים רבין אין בית המדרש. פֿון די אָנגעזעענע יידן אין בערעזנע. אַלע קינדער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און זיין עלטערער זון אליעזר איז געווען פֿון די ערשטע עולים קיין ישראל. יחיאל שיינבלום ז״ל איז געווען איינער פֿון די טיכטיגסטע ציוניסטן אין שטאַט. דריי קינדער זענען אין ישראל. די איבעריקע זענען אומגעקומען דורך די דייטש־אוקראַינישע מערדער. הי״ד.

רבי דוד פישמן. אַ סטאָלינער חסיד. געדאַוונט ביים רבין אין בית המדרש און אין אַלטן בית המדרש, אַ זייער הערליכער ייד. זיינע אַ טאָכטער און צוויי אייניקלעך זענען אין ישראל.

רבי גרשון ליבערמאַן. גערופֿן גרשון מיט די פּיאות, ווייל ער האָט געטראָגן זייער לאַנגע פּיאות. אַ סטאָלינער חסיד, געשטאַנען שטענדיק לינקס פֿון עמוד און זיין דאַוונען איז געווען א סטאָלינער, מיט אַ שאָקלעניש די גאַנצע צייט. אַ פֿרומער ייד. זיין אַ זון, משה ליבערמאַן, געפֿינט זיך אין דרום אַמעריקע.

רבי אידל שוחט, אַ האַלץ סוחר, תמיד אין די וועגן, אַ קלוגער ייד און אַ גרויסער סוחר. געווען אין ישראל אויף אַ באַזוך ביי זיין טאָכטער אין רמת השרון און צוריקגעפאָרן קיין בערעזנע. געפאַלן מיט כלל ישראל פון די מערדער־הענט.

משה האנדעלסמאן אָדער משה דער אפטיקער. זיין פרוי יוכבד איז געווען פון קעלריכעס משפחה. משה גאַנדעלסמאַן איז געווען אַן אַלגעמיינער ציוניסט פון די ערשטע אין בערעזנע. טיכטיק אין דער ציוניסטישער אַרבייט און זיין הויז איז געווען אָפן פאַר אַלע וואָס האָבן געהאַט אַן ענין איבער ציוניסטישע ענינים.



משה הנדלסמן ויוכבד אשתו

פון די רייכסטע און אָנגעזעהענסטע פאַמיליעס אין בערעזנע. זיין זון באָריס איז געווען אַ טיכטיקער פוטבאָליסט אין ספּאָרט־קלוב אין בערעזנע.

פון די שוחטים איז צו דערמאָנען רבי אברהמצע פוקס און זיין זון מיכל, אַ ויידענער יונגערמאַנצ׳יק. רבי אלעזר שוחט, אַ ייד א למדן און כלל טוער, געווען טעטיג אין די הילפס־אַקציע פאַר אָרימע, איבערהויפּט מעות חיטים און יין פאַר נייטבאַדערפטיקע. זיין זון שלמה איז געווען שוחט. דער שרייבער פייארבערג איז געווען אַ משפחה פון שלמקע שוחט.

רבי יהודה סאלאמאנדרע. פון דער נייער שטאָט. אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער, מיט צוויי אייזערנע הענט, מיט אַ הויך שאַרף קול, אָט דאָס איז רב יהודה פון דער נייער שטאָט. פון דאָרטן פלעג רבי יהודה מאַכן אַ שפּאַציר דורך אַ שורה

גוישע הייזער געבויט פון קלעצער מיט אַ שטרויענעם דאַך, און ביי יעדעס הויז אַ הונט, וואָס דערשמעקט נאָר אַ יידישע קאַפּאָטע גיט ער זיך אַ לאָז גרייט צום צעריסן... אָבער ניט אַזאַ ייד ווי רבי יהודה האָט מורא פאַר אַ כלב... די פויערן האָבן געציטערט פאַר זיין בליק. אַ זון פון אַ דאָרפס־ייד, געקומען נאָך בערעזנע ווען ער האָט זיך פארהייראַטעט מיט אַ שטעטישע און דאָ אַ קראָם פון תבואה געעפנט. די פויערן האָבן דערפילט, אַז רבי יהודה איז עפּעס ניט ווי אַלע יידן, מיט אים זיך בּאַראַטן איבער זייערן און שניידן, אָבער אים אויך ליב געהאַט פאַר זיין ישרות. געוואוסט האָבן זיי, אַז זייַן וואָרט איז אַ וואָרט. אַראָפּגענומען אַ זאַק תבואה אונטערן אָרעם איז געווען ביי אים ווי אַ טרונק וואַסער. מיט גוטן מיט גוטע האָט ער ניט איינמאָל מכבד געווען שיכורים און סתם יידן פּרעסערס. אַ גנב געכאַפּט האָט ער אים אַליין באַשטראָפט מיט מכות רצח און געלט שטראָף און פאַרשפאָרט דער מדינה אַ פלאַץ אין טורמע מיט עסן. פון די ערשטע צו ראַטעווען פון שריפות. אַז מען האָט דערזען רב יהודן ביי דער שריפה, איז ליכטיק געוואָרן אויפן האַרצן. און שריפות פעלן ניט אין בערעזנע. אַמאָל אַ הויז, אַמאָל אַ גאַס און אַמאָל אַ האַלבע שטאָט און נאָך מער. אח, אח, דערלאַנגט! הערט מען יהודה׳ס קול און עמערלעך וואַסער ווערן אויסגעלייזט פונקט אין ריכטיקן פלאַץ. אַ יידיש הויז אַפּראַטעווען, כאָטש דעם סקעלעט און פון דעם ווערט אַ ניי יידיש הויז אַרויסקומען, מיט אַ מזוזה. ער ראַטעוועט פאַרבליבענע אין ברענענדיקע הייזער און קומט אַפּ מיט פאַרברענטע הענט און באַקן. ער שלעפּט מיט כוח אַ קוה וואָס עקשנט זיך איין און וויל ניט אַרויס פון שטאַל. און ווי אין פייער, אַזוי אין וואַסער: ער זינקט אין טיפעניש און געפינט דעם דערטרונקענעם, דרוקט די וואַסער אַרויס און טרעט ניט אַפּ ביז ער דערזעט ניט לעבנס־־סימנים.

און אַז רעקרוטן גרייטן זיך אַ הוליע טאָן און ראַבירן יידישע קראָמען, קלייבט אויף רבי יהודה אייניקע חברה מיט שטאָלענע הענט און צודעם שטעקנס מיט שטיכן באַשטעלט ביים שטאָט קאַוואַל און נאָך אַזאַ באַגעגעניש, צולויפן זיך די גוישע העלדן אַוואו נאָר מעגליך.

געזעסן אַ יאָר אין קייטן אין ראָוונער טורמע, און מיינט איר פאַר וואָס? פאַר ראַטעווען אַ יידישע טאָכטער פון שמד. אַז שפרה די טאָכטער פון רבי שמואל, איינער פון די פיינסטע שטאָט בעלי בתים איז שוין געווען אין קלויסטער ביים גלח אין די הענט, האָט רבי יהודה געצאַטעוועט נעכט ביים קלויסטער און אים איז געלונגען זיך אַריינכאַפּן אין גלח׳ס הויז צו פאַרמאַכן שפרהן דאָס מויל און זי אַרויסשלעפּן פון דאָרט און זי איבערפירן אין אַ צווייטער שטאָט. און שפרה וואָס האָט שוין געהאַט אַ נאָמען מרים, ניט מער און ניט ווייניקער, איז פאַרבליבן שפרה... זייענדיק אַ לערנער און פרומער ייד, איז ער געזעסן דער דריטער אין מזרח.

רבי הערשל בר׳ לייבישקעס, אַ שיינער, פרומער ייד, אַ למדן, פון די גוטע מלמדים אין בערעזנע. געהאַט דריי טעכטער. געלערנט הונדערט מאָל די

גמרא ביצה שנולדה ביומטוב, ווייל ער האָט ניט געהאט קיין קדיש. אַרויסגעגעבן פיל תלמידים אין בערעזנע. זיין פרוי חיה איז געווען צדיקית אַ יידענע, געקענט לערנען.

בעריל קנאי. אָנהויבן הויבט ער אָן מיט זידלען און גייט איבער צו שילטן. ווענען? ווענען ניט? די ציוניסטן וואָס ווילן פאר זיך אַ באזונדערן מנין, דעם מטיף גוטלין וואָס האָט מספיד געווען ד״ר הרצל און געוויינט... קעגן דעם מלמד דעם ליטוואַק, בקיצור און פון זידלען ביז הויבן הענט גערדיערט ניט און אַזוי חאפט ער אַריין פעטש און... רוקט זיך אָפּ. פרנסה מאַכט ער אין די דערפער, אַ דאָרפס־ייד. עסן עסט ער ברויט מיט קארטאָפל, אַ ציבעלע, ווייל פון זייערע עסט ער ניט... און דאווגען גייט ער אַרויס אין דרויסן, ווייל אין הויז זענען אין די אויגן די איקאָנעס אָדער, ווי מען רופט זיי, „באָז׳ע מאטעס״. און כאָטש ער איז אַ רגזן און נעמט זיך אָן גאָטס קריוודע, אַזוי איז ער אַ מרחם אויף אָרימע לייט, די הקדש מענטשן. פרייטאָג לויפט ער אַרום קלייבן חלות און שלעפט דעם זאַק אין הקדש אַריין, חלות אויף שבת!.. דעם אייגענעם זון איבערגעגעבן רשות, ווייל ער איז געווען אַ סאָציאַליסט. לכתחילה האָט ער געפּרואווט מיט געשרייען און געוואַלדן, געזען אַז ס׳העלפט ניט, האָט ער אים איבערגעגעבן צום איספּראַבניק. אין אַ צייט אַרום האָט מען דערציילט, אַז דער זון זאָל האָבן חרטה געקראָגן און בעריל האָט אָנגעהויבן טעהנען צום איספּראַווניק, מען זאָל אים דעם זון אַרויסלאָזן, ער וועט ערב זיין, אַז ער וועט גיין אין גוטע וועגן, אָבער... מען האָט אים דורכגעטריבן און דאָס האָט אים דערדריקט און ער האָט שוין לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אַליין געוואָרן אַ הקדש־מאַן...

די שקאַליוקעס, שייקעוויצעס, שוליע צימערמאַן, די קריצמאַנעס, די קיילערס און קאַגאַנס משפחות האָבן זיך גערעכנט פאַר רייכע און אינטע־ליגענטע פאַמיליעס אין בערעזנע.



שוליה צימרמאַן ז״ל

רבי יעקב אלי. איז געווען אַ למדן און אַ כהן (כאלאדנא־כהן לאדוני...). שטענדיק אַריינגעשטודירט וועגן בית המקדש, ווי אַזוי ער איז געווען געבויט, און אַ נותן... מיט ברייטער האנט געגעבן. זיין כהן בענטשן איז געווען אַ לויטערער, זיין באַ־הבה... און איי איי... איי. האָט לויטער געהילכט אין בית־מדרש.



יואל ושרה קלריך ז״ל

יואל און שרה קלריך. זייער ציל איז געווען געבן זייערע אַכט זין און טעכטער הויכע בילדונג. אַלעמען געשיקט אין גימנאזיעס און אוניווערסיטעטן. יואל און שרה קלריך זענען ניט געווען זייער רייך, נאָר האָבן פאַרמאָגט איידעלע נשמות. זיי זענען ביידע געווען אין זייער יוגנט יתומים.

רב אריה לייב בייגעלמאן. געבליבן אַ יתום אין גאָר יונגן עלטער. וואָס טוט מען אין בערעזנע מיט אַ יתום? מען לערנט אים אויס אַ פאַך, ער זאָל קענען זיך אויסהאלטן מיט זיין פאַמיליע פון אַרבייט. אויסגעלערנט קאַוואַלעריי. קיין גרויסער ספּעציאַליסט ניט געווען, אָבער די פויערן האָבן געשטראָמט צו אים אין קוזניע, ווייל ער האָט ניט באַריסן. געווען אַ זייער אָרנטליכער. אַ הויכער מיט אַ שיטער בערדל, שטאַרקע הענט, געהאלטן אַלס ארבייטער אין קוזניע אַ שטומן, וועלכער האָט געלעבט ביי אים אין הויז. געווען אַ שטאַרקער חסיד און מיט ברייטער האנט געגעבן יומטוב געלט פאַרן רבין. יעדן פאַרטאָג, אַז די זון איז אויפגעגאנגען, האָט ער גענומען דעם טלית אין האנט און אין אַלטן בית המדרש

צום ערשטן מנין. ימים נוראים האָט ער געהאט זיין שטענדיקן פּלאַץ אין שול און מיין פאָטער ז״ל נעבן אים. זיין זון און צוויי טעכטער זענען אין ישראל, פון דער גאנצער פאמיליע. אויך עטליכע אייניקלעך און איין אור־אייניקל געפינען זיך אין ישראל. אַן אָרנטליכער האָראָפאשניק, אַ פרומער ייד. אַט אַזעלכע בעלי מלאכות זענען געווען אין בערעזנע.

וואלף טייטלבוים. אַן ערשטקלאַסיקער בעל מלאכה, אַ צעסלער. מערסטנס הייזער אין בערעזנע דורך אים אויסגעבויט. די יידישע הייזער זענען מערסטנס געווען פון האָלץ און ער האָט אַליין געפּלאַנעוועט און געבויט און אַרויסגעגעבן שיינע הייזער צום וואוינען. זיינע קינדער זענען געווען אין דער ציוניסטישער באוועגונג. זיין זון משה איז אין חדרה.

שמחה קלריך איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך געלאָזט אין דער גרויסער וועלט מיט פינף און זיבציק קאָפּיקעס אין טאַש אין עלטער פון 14 יאָר. געווען אַ העברעאיש קענער און זיך אויסגעהאלטן פון לעקציעס. געענדיקט לוואָווער



הרב אליעזר פייביש מדווד



שמחה קלריך ז״ל

גימנאַסיע. נאכער געלערנט אין מאָסקווער יורידישן פאַקולטעט און אַרויסגעשלעפּט נאָך זיך זיינע ברידער און זיי מיטגעהאָלפן אין שטודיום. נאָר צוויי זענען געבליבן פון אַלע קינדער און ביידע אין ישראל.

רבי אליעזר מעדוועד. אַ זון פון רב סענדער מעדוועד פון בערעזניץ. זיך

פאַרנומען מיט הוראה. געווען אַ רעליגיעזער דערציער פון פיל תלמידים אין בערעזנע. אין 1925 עפּנט ער צוזאַמען מיטן לערער וואָלף סמאַלע אַ שולע, וועלכע פאַרוואַנדלט זיך אין 1927 אין אַ „יבנה" שולע. גיט אויך רעליגיעזע לעקציעס אין פּוילישער שולע פאַר יידישע קינדער ווי אויך אין דער תרבות שולע.

צום צווייטן מאָל פאַרהייראַט פאַר ראָסל פון די שאַרמוקעס. פון אַלע קינדער זענען געבליבן איינער אין רוסלאַנד און איין טאָכטער אין אַמעריקע און צוויי זון אין ישראל. איינער פון זיי איז טעטיק אין בערעזנער קאָמיטעט. געשטאָרבן אין עלטער פון 59 יאָר. די לויה איז געווען אַ פול באַטייליגענדע פון אַלע שולן און פון דער גרעסטער טייל בערעזנער באַפעלקרונג.

רב שמיליע צירעטינקער. איינציקע קילאָמעטער פון בערעזנע, אויפן וועג קיין מאַלינסק האָט געוואוינט אַ יידישע פאַמיליע אין דאָרף טשערעטענקע. אין די אַלטע צייטן פלעגן איינציקע יידן באַקומען אַ מין קאָנצעסיע אויף אַ קרעטשמע אין דאָרף. ניט תמיד זענען די דאָרפישע יידן געווען לומדים כאָטש הערליכע און פרומע יידן, ניט קוקנדיק וואָס זיי איז אויסגעקומען וואוינען מיט לויטער גויים. רב שמיליע טשירעטענקער איז געווען פון אַ גאַנץ אַנדער שניט. ער איז געווען אַ פרומער און הערליכער ייד און אויך אַ לערנער. אַ פּאַטריאַרכאַלן אויסזען, איז ער געווען ענליך צום רבין רב שמואלקע ז"ל. און פיל האָבן געדאַכט אַז עס איז דאָ צווישן זיי אַ משפחה נאָענטקייט. אין דער אמתן איז קיין משפחה קרובה'שאַפט טאָקע ניט געווען, אָבער די אויפפאַסונג איבערן יידנטום איז ביי ביידע געווען די זעלבע. ביידע האָבן ליב געהאַט דאָס פאָלק ישראל אהבת אמת. די מידות פון גוטהאַרציג־קייט איז אַריבער פון רב שמיליען צו זיינע קינדער און קינדס קינדער. אַזוי איז דער זון ישעיה צירעטענקער געווען זייער אַ גוטער און הערליכער ייד. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר אַלע דורכגייער אין דעם דאָרף. שטענדיק ביי דער גמרא. דאָס אָרימע קלייטל האָט אים געשפייזט און ער האָט געדינט גאָט ווי זיין הערליכער פאָטער. חנה גראָבער, פון אַלע בערעזנער באַקאַנטע, האָט איבערגעירשנט דאָס גוט האַרציקייט פון איר זיידן שמיליע צירעטענקער און מיטן גאַנצן וועזן אַריינגעטאָן צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע און בכלל די אַלע וואָס ווענדן זיך צו איר נאָך הילף, און אַזעלכע פעלן ניט. אויסער דעם אנטלויפט זי פון כבוד און מאַכט ניט קיין וועזן פון איר געזעלשאַפטליכער טעטיקייט בכלל.

שייליק זילבערשטיין. איז געווען איינער פון די יוגנטליכע וואָס האָט פיל בייגעטראָגן צו דער דערציאונג פון דער בערעזנער יוגנט ווי אויך טעטיג געווען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און ציוניסטישע קרנות. געליבט און געאַכטעט פון אַלעמען. אַזון פון פאַמיליע זילבערשטיין. געשטאָרבן פאַר דעם גרויסן אומגליק פון פאַרניכטונג. די בערעזנער באַפעלקערונג האָט באַגלייט מאַסנווייז איינעם פון אירע בעסטע זון אין בערעזנע.

יוסף בן ציון ביגיל. אַ רעליגיעזע דערציאונג האָט ער באַקומען. צו 16 יאָר

איז ער איינער פון די סקאוט אָנפירער און מפקד הקן הצעיר. פריוואט לערער פון עברית ווי אויך לערער אין שולן אין בערעזנע. טיכטיק אין דער ציוניסטישער באוועגונג. געאַכטעט פון יונג און אַלט. געפונען זיין טויט אין טייך סלוץ, זיך



יוסף בן ציון ביגיל ז״ל



שייליק זילבערשטיין ז״ל

באדנדיק אין אַ כמארנעם טאָג. ווען מען האָט אים אַרויסגעצויגן פון וואסער, האָט מען שטונדן ווייז אים פרובירט ראטעווען, אָבער לײדער איז ער געווען טויט. בערעזנע האָט אים געמאכט אַן אימפּאָזאנטע לויה און די יוגנט האָט געמאכט דעם ארון אויף איר רעכנונג. געווען באַשטעטיגט לעליה, אָבער ניט זוכה געווען זעהן ישראל זעלבשטענדיק, אַ ציל, וועלכן ער האָט זיינע יונגע יארן אַוועקגעגעבן דערפאַר.

פנחס לובלינער. אַלע זיינע יארן אַוועקגעגעבן פאר דער ציוניסטישער אידיי. שוין זייענדיק פארהייראַט האָט ער זיינע געשעפטן איבערגעלאָזט און גע־קומען אויף זיצונגען. חבר פון התאחדות־גורדוניה, מורשה פון קרן קימת, אין ועד קרן היסוד, תרבות מיטגליד. ניטאָ איין פאָנד אָדער אינסטיטוציע וואו פנחס זאָל ניט זיין אין קאָמיטעט. איבערגעלעבט היטלערן. לײדער געהרגעט דורך אַ פויער שוין נאָך דער באפרייאונג פון בערעזנע.

משה בולבה. פון די ערשטע ציוניסטן אין בערעזנע. זייער טיכטיק אין אַלע ציוניסטישע קרנות, אין „התאחדות״, טעטיק אין דער תרבות קאָמיסיע, וואָס האָט געשלעפּט דעם יאָך פון אויסהאַלטן די שולע. נאכדעם ווי ער איז אייניקע יאָר

געוועזן אין אַרגענטינע, האָט ער באַשלאָסן עולה זיין קיין ישראל. קומענדיק אין לאנד, גייט ער אַריין אין אַ מושב ביי כפר תבור און זיין ליבסטע אַרבייט איז פּאַשן די שאָף. די סביבה אָבער פון די חברים אין מושב איז אים פרעמד, קיינער פון אונזער געגנט, איז אים שווער זיך צוצופּאַסן צו רומענישע און אונגאַרישע עולים. ער פאַרלאָזט דאַן דעם מושב און איצט געפינט ער זיך אין חיפה, וואו ער אַרבעט אַלס מזכיר אין דער הסתדרות. מיטגליד פון פּאַרטיי מפא״י.

יחיאל שיינבלום. טיכטיקער אין דער ציוניסטישער אַרבייט אין בערעזנע. צוזאַמען מיט משה בולבע, נפתלי ביגיל, פנחס לובלינער ז״ל אין תרבות קאָמיטעט ווי „התאחדות", קרן קימת און אַנדערע ציוניסטישע אָפּצווייגונגען. קיין פּריוואַטעס לעבן אויסער ציוניסטישע אַרבייט אפילו ניט געוואוסט. הי״ד.

הערשל קיילער. זון פון באַביל מאַקווינער, איז אין יונגן עלטער געוואָרן אַ וויכטיקע פּערזאָן אין בערעזנע. אין 1938 איז הערשל קיילער געווען וויצע־בורג־מיסטער. פאַרהייראַט געווען מיט אַ טאָכטער פון די קלייטעס. אין צייט פון געטאָ האָט הערשל קיילער געפונען זיין טויט אין קאַסטאָפּאָלער געטאָ, וואו ער איז געקומען פּאַרטרעטן זיין ברודער שלום קיילער (געפינט זיך אין לאַנד), וועלכער האָט געאַרבייט אין קאַסטאָפּאָל.

מיכל פוקס. אַ זון פון אברהמצע דעם שוחט. אַ יידענער יונגערמאַן. ווי מען זאָגט: צו גאָט און לייט. בנעימותדיקער, רוהיקער, געלערנטער יונגערמאַן איז



מיכאל פוקס ז״ל

ער געווען באַליבט ביי אַלעמען אין שטאָט. אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע דורך די רוצחים מיט כלל בערעזנער יידן. זיין ברודער מרדכי פוקס י.ל. געפינט זיך אין ישראל.

מאטל שפעטריק. פון דער אַזוי גערופענער אַרבייטער אינטעליגענץ, אין קרייז פון זיינע עלטערע חברים ווי פייגע ליבערזאָן, פנחסוביץ און אַנדערע, ווי אויך פון זיין פאקאלעגיע ווי פינציק שניידער, מאניש שוחט (געוועזענער ציוניסט, נאכער אַריבער אין דער קאָמוניסטישער פארטיי) האָט זיך שפעטריק אַרויסגערוקט אין דער שפּיץ פון אַ קליינער גרופּע אַדאַנק זיין פיל באַלעזנקייט און קלאָרע פּאָליטישע אויפפאַסונג און שטעלונג. נאָך אין גימנאַזיע, האָט ער אָנגעהויבן זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט און דער סוף איז געווען אַז ער מיט נאָך אייניקע פון גימנאַזיע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון שולע פאַר דער טעטיגקייט. אין צייט ווען די רוסן זענען געווען אין בערעזנע, איז ער געווען הויפּט פון געזונדהייטס־אַמט אין שטאָט. דאָס האָט פאַרשטענדליך אַרויסגערופן אַ שנאה ביי פּיוואָנסקי דעם דאָקטאָר, אַ קאַטאָליק, וועלכער האָט זיין פּרצוף אַרויסגעוויזן אין צייט פון די דייטשן אין בערעזנע. שפעטריק געפינט זיך איצט אין רוסלאַנד.

יאַסקע בילעצקי. איצט אין ישראל. געווען טיכטיק אין: גדוד קרן קימת לישראל, אין „החלוץ" און אין לינקער פועלי ציון גרופּע. שטענדיק געטריי דער ציוניסטישער אַרבייט, ווי אַ ריכטיקער זעלנער איסגעפירט די באַפעלן פון קאָמאַנדיר... יעקב אייזמאַן, דער שטענדיקער וועקער און פריידיקער פאַר פאַרווירקליכונג. אויך אין ישראל גרייט שטענדיק דינען פאַר געזעלשאַפטליכע צוועקן. אויך טעטיק געווען אין ארגון יוצאי ברזנה.

אבצע פורמאַן. איבערגעגעבענער חבר אין „התאחדות" ווי אויך אין אַנדערע ציוניסטישע אינסטיטוציעס. קירזשנער פון פאַך. פון די ערשטע דאַן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, כאָטש אין יענע צייטן זענען די בעלי מלאכות געשטאַנען אין אַ זייט אָדער קעגן דעם ציוניזם, איז ער גלייך אַריין אין דער באַוועגונג מיט לייב און לעבן. איצט אין דרום אַמעריקע.

דוד גאַנדעלמאַן. רעכטע האַנט פון יעקב איזמאַן, נאָכדעם ווי די לינקע פועלי ציון גרופּע איז געגרינדעט געוואָרן אין בערעזנע דורך יעקב איזמאַן. מוניש שוחט איז אויך צוגעטרעטן צו דער גרופּע און נאכער אין אַ צייט אַרום אַוועק אין דער לינקער רעוואָלוציאָנערער גרופּע מיט שפעטריקן אין דער שפּיץ. ז"ל.

יצחק גאַנדעלמאַן. פון די יוגנטליכע, דער טיכטיקסטער אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה". די גאַנצע צייט געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע און טעטיג אויף אַלע ציוניסטישע געביטן. איצט אין ישראל, אנגעשטעלטער אין „הסתדרות".

שעבסיל ראַכלין. פון די ערשטע ספּאָרט טוער אין בערעזנע. צוזאַמען מיט בארע גאַנדעלמאַן צונויפגעשטעלט אַ פוטבאָל גרופּע, וועלכע האָט אַריינגעבראַכט

אין דער יוגנט אַן אויפלעבונג אין ספּאָרט הינזיכט. בערעזנער יידן האָבן צוגעקוקט יעדן שבת צוערשט מיט פאַרדרוס (איבערהויפּט די שטאַרק אָרטאָדאָקסישע יידן), נאָכער מיט אינטערעס צו דער טעטיקייט פון דער גרופּע. אירע קרעפטן זענען געשטיגן פון וואָך צו וואָך און ראָכלין אין געווען דער ראָש פון דער גרופּע, וועלכע האָט אין אַ צייט אַרום געטראָגן דעם נאָמען „חשמונאי״.



מיכאל ביגיל. מיטגליד פון „התאחדות״, חבר אין „החלוץ״, האָט ער אין אַ צייט אַרום געגרינדעט אַ „הכשרה״ אין בערעזנע, וועלכע איז מיט דער צייט אַריבער קיין לאָדז און פון דאָרטן עולה געווען אין ישראל. דאָ אין לאַנד אַן איבערגעגעבענער אין דער ארבייטס־פּאַרטיי מפא״י. אַ געוועזענער חבר אין קאָמיטעט פון ארגון יוצאי ברזנה.

מאַני׳ע קופּליק. אַ שטיל רוהיקער פרומער ייד. איז זיך געזעסן גאַנצע טעג אין שטוב אָדער אין קלייט, בעת זיין ווייב חיה שרה האָט אָנגעהויבן איר מסחר קאַמף מיט הינדען. געלערנט האָט מאַניע טעג און נעכט און ווי געזאָגט געוועזן אויסגעהאַלטן מיט כבוד פון חיה שרה׳ס פרנסות פון געוועלב און מאַרק מסחר. חיה שרה איז געווען אַ סוחרטע אַ יידענע. גוואַיש רעדן האָט זי קיינמאָל ניט אויסגעלערנט, אָבער אַ שלעפּ געטאָן אַ הין אָדער אַ האָן פון פויער, אַז יענער האָט זי צוריק ניט געקענט באַקומען. קילקו זא פּיוניק? טאַ נע פּיוועץ, שרייט דער גוי, טאָ קוריצא! זאָגט ער: ניכאַי בודע קוריצאַ... (וויפל פאַרן האָן? פרעגט זי און דער פויער שרייט: „ס׳איז אַ הין! זאָל זיין אַ הין״) אָט אַזוי שלעפּט זי דעם פויער אין געוועלב און אָפּגעצאָלט און לויפט ווייטער. אָנגעטאָן אין אַ צען קליידער, איבערגעדרייט אויף דער לינקער זייט. איין שוך און איין קאַלאָש, איין זאָק אַ שוואַרצע, אַ צווייטע אַ ווייסע, איינגעריסן אַ וועלט, געקעמפּט מיט הינדען פאַר יעדער הון אָדער הין, זי זאָל חלילה ניט אויסכאַפּן ביי איר.

משה וואַקס. איינער פון צעירי מזרחי אין בערעזנע. געווען אין די פאַרטיזאַנער און געפאַלן פון אַ דייטשער קויל אין וואַלד. הי״ד.

יענקיל מאַזעפּקעס. דאַלאַי, דאַלאַי, געענדיקט מיטן קיסר, עס לעבט די רעוואָלוציע! יאַנקל מאַזעפּקעס האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דער זייט מיט די גרויסע, ס׳הייסט באָלשעוויקן. דער עיקר, מען דאַרף זיך טיילן מיט די רייכע! חיה שרה איז רייך און וואַוינט אין זיין געגנט, האָט יענקל דער גראַף גענומען אַ לאָם און געגאַנגען אויפרייסן די אייזערנע טירן ביי חיה שרהן, אָבער חיה שרה איז פון דער צווייטער זייט אַרויס און געמאַכט אַ מי שברך אונזער נייעם רעוואָלוציאָנער, אַז ער האָט זיך אָפּגעקילט און אַוועק ווייטער.

רחלקה די בלינדע. אַן אָרימע פרוי, אָבער קיין בעטלערין. רחלקה האָט זיך אירע הייזער, וואו זי קומט אַריין אָפּעסן אָדער אָפּטרינקען. ביי אונז האָט

רחלקה געהאַט איר טאָג צום עסן און טרינקן. זי האָט ליב געהאט טרינקן וואַסער מיט מילך, אָבער פון זאד! די וואסער האָט געדארפט זיין זאדיקע. איך האָב אינגל־ווייז שטענדיק צוגעקוקט ווי זי זופט די זאדיקע גלאָז וואסער מילך און געוואונ־דערט, אַז דער צונג אירער בריט זיך ניט אָפּ...

## צונעמענישן אין בערעזנע

בערעזנע האָט אַ טבע געהאַט רופן איינער דעם אנדערן ניט ביים ריכטיקן נאָמען נאָר ביי אַ צונאָמען, וואָס מייסטער פון בערעזנע האָבן יעדן בערעזנער צו־געטאטשעט. פיניע קאנטאָר איז געווען אַ ייד אַ סוחר, אַ קלוגער ייד, נאָר ליב געהאַט זיך אַריינמישן איבעראַל. האָבן אים חברה צוגעפּאַסט אַ נאָמען פּאַלאָניק... אַז רבי חיים סאפאזניק אַזוי גערופן חיים ניסיכעס איז געקומען אויף שבת פון דאָרף וואו ער האָט געהאט אַ טערטאַק, איז ער גלייך אַראָפּגעפאָרן אין מארק אין שוך געוועלב, וואו זיין פרוי ביילע ניסיכעס מיט ניסיע סאפּאַז׳ניק, זיין זון, האָבן געפירט דאָס געשעפט, דעם ערשטן שלום עליכם אָפּגעגעבן פיניע קאנטאָר, זיין שכן צום געוועלב. וואָס הערט זיך, רב פיניע? גייט מען אויף דער אסיפה? אוודאי, ענטפערט פיניע. און וואָס וועלן מיר זאָגן אויף דער אסיפה? פרעגט חיים? נאָר איינער, זאָגט פיניע געמיטלעך. וואָס יענער וועט זאָגן, וועלן מיר זאָגן פאר־קערט...

בכלל האָט בערעזנע אַלעמען גערופן ביים צונאָמען, אַזוי למשל: ניסעלע דער גראף, יענקל גאָלדה, דער מלך, דער אוצר, די גאנז, גאנער, אַלץ לויטן קול ביים עמוד. זאווערוכע (ביי אים די קאַפּאָטע שטענדיק געווען אָפן און אין אַ ווינט — איז זי שטענדיק געווען צושפרייט). אַז בערעזנע טאטשעט אַזאַ איינעם צו אַ נאָמען, איז עס אויף קינדס קינדער. היינט מאזעפקע, דער שפיגל, דער האלבערגאָט, באק, באַראָן...

ניסעלע נאפּטולצעס האָט זיך אויך געלאָזט אין דער גרויסער וועלט אַריין, כ׳הייסט קיין אַמעריקע. אָבער בערעזנער יידן זיצן ניט לאנג אין אַמעריקע. אויך אַ מדינה. ניט קיין שבת, ניט קיין וואָך, — וועט אייך אַ בערעזנער ייד זאָגן וועגן אַמעריקע... אין אַ שיינעם זומער טאג איז ניסעלע נאפטולציעס אַראָפּגעקומען אין דער נידער איך בערעזנע — טאָק גלייך פון אַמעריקע, מיט אַ שווארצן גארניטער, אַ שטרויערנעם הוט און יעדן געענטפערט מעשה אַמעריקאנער יעס, הייסט עס יא. אָבער דער יומטוב מיטן שוואַרצן גארניטער האָט לאנג ניט אנגעהאלטן. ניסעלע האָט באמערקט אַז אין בערעזנע זענען דאָ צופיל הינט... האָט ער זיך גענומען אויסראמען די הינט פון בערעזנע. בערעזנער יידן זענען מיט אַן אמת שטארק צופרידן געווען פון אַזאַ אַרבייט, ווייל עס איז אַ סוד פאַר אַלעמען, אַז אַ בערעזנער ייד האָט פיינט געהאט אַ הונט שנאת אמת און צווישן אונז גערעט, אויך געציטערט פאר אַ הונט.

# אט אזוי האבן מיר געלעבט

פון ד״ר ג. ביגיל (גן־גרינק)

געווידמעט פרומען

ביים ראנד פון רוהיקן און טיפן טייכל סלוץ איז זיך בערעזנע געלעגן לייגג אויס כון אַ רייע שטעטלעך — צווישן סארנע צוקאָפּנס און לודוויפּאָל צופוסנס, אַ פריי־לעכע און לוסטיקע שטעטעלע מיט אירע הילצערנע און געמויערטע הייזלעך און געשפּייזט אַ קימה לן פון אַ פינף טויזנדיקע באפעלקערונג. (שוין אין 1897 האָט בערעזנע געציילט 2765 יידן (ילקוט וואהלין), האָבן זיך בערעזנער יידן געלעבט ווער אין ראסקאש... און ווער אין אָרימקייט (קיין מיליאָנערן זענען אין בערעזנע ניט געווען און אַפילו צו גאסט ניט געקומען...) האָבן רייכע יידן געגעסן ברויט מיט קויליטש און ווער ס׳האָט אדורכגעמאכט די וואָך מיט אפיש קארטאָפּל און קרופּניק... אָבער אַז עס איז געקומען דער הייליקער ליבער שבת האָבן זיך בערעזנער יידן אַ לאָז געטאָן אין דער הקדש גאס — אין באד אַריין, און דאָרט זענען אָרעם און רייך געוואָרן גלייך... יידן האָבן געשוויצט, זיך געוואשן, געכאפּט און געגעבן שמיץ אויף דער אויבערשטער באנק... דאָרט זענען ניט געווען קיינע מיוחסים... ווער ס׳האָט געוואָלט מער פּארע האָט אַריינגעוואָרפן אין אויוון נאָך אַ פּאָר שעפּאלעך און אַרויף סאַמע אויבן אָן אין ריכטיקן ברען... און נאָך דער מקוה — זיך אָפּגע־טאָטשט מיט אַ פּאָר ריינע שעפּאלעך וואַסער, אָנגעטאָן און אַהיים. אַריינגעוואָרפן זיך אין שבתדיקע מלבושים און יידן — אין שול אַריין!

די בערעזנער ווייבער ווידער, האָבן זיך שוין פון דאָנערשטיק פארנאכט זיך אַריינגעוואָרפן אין די דייזעס און מילטערס — צוגרייטן ברויט אויף א גאנצער וואָך און חלות און קוילישער אויף שבת. רייכערע משפחות האָבן געגרייט טייג אויף שטראָדלס און קוכנס. אַ גאנצן פרייטאג טאָג האָבן די ווייבער זיך גע־פּאָרקעט אין קיך, שווער געווען אַרויסקריכן פון די טעפּ. געענדיקט מיט געפילטע פיש, ז׳ארקויע, האָט זיך אָנגעהויבן אַן עסק מיט אַ יוך, היינט קאָמפּאָט און אַנדערע געקעכץ. היינט צורעכט מאַכן די שטוב אויף שבת און דאָ הויבט שוין אָן צו טונקלען... מ׳דארף ליכט בענטשן און דאָ כאפּט זיך ווער אַז קיין ליכט זענען ניטאָ — זענען בערעזנער קונדסן געלאָפן אין קראָם אַריין, געבראכט ליכט. האָט מאמעניו אויסגעשפּרייט אַ ריינעם טישטוך לכבוד שבת, אָוועקגעשטעלט אַלע

ליכטער, וואָס זענען נאָך פון ירושה אין איין זייט פון טיש, און צוויי געפלאָכטענע קיילעטשער צוגעדעקט מיט אַ צודעק, אויסגעשפרייט די הענט און דריי מאָל פון אונטן אויף אויבן אַרומגענומען די ליכט און געמאַכט די ברכה פון ליכט בענטשן.
און מען האָט געמאַכט שבת!

בערעזנער יידישע מיידלעך, שוין ערוואַקסענע, האָבן זיך מיט שבתדיקע מלבושים, מיט אויסגעצוואָגענע קעפּ, אַז די נאַפט האָט זיך נאָך געהערט פון דער ווייטנס, האָבן שוין פרייטאָג פאַרנאַכט אָנגעהויבן שפּאַצירן פּאָרלעכווייז — ס׳האָט אין בערעזנע געהייסן: מעסטן די קלאָטקעס (טראָטואַרן)... און געגריסט יעדן און דווקא אויף רוסיש: זדראַסטוואַיטי, און מען האָט נאָכער געקענט הערן נאָך אַנדערע אויסדרוקן ווי: פּאַזשאַלויסטאַ ס׳הייסט ביטע און ספּאַסיבאַ, ס׳הייסט אַ דאַנק. דאָס האָט איין חברטע אָנגעבאָטן דער אַנדערער סעמעטשקעס... אַזאַ מנהג געווען אין די קליינע שטעטלעך: קנאַקן סעמעטשקעס אים שבת.

האָבן ווי געזאָגט יידן געהאַנדלט, געוואַנדלט אין צוליב וואָס מיינט איר אוודאי, בלויז צוליבן שטיקל ברויט און פליישׁ? זענט איר זיך במחילה טועה, און נאָך ווי אַזוי! בערעזנער יידן האָבן נאָך פיל וויכטיקערע ענינים ווי אכילה גסה... אָט דאַרף איינער אַ טאָכטער אויסגעבן צו לייט און בא וועמען אַ בן יחיד׳ל פון פּאַניען אַרויסכאַפּן...

בערעזנער יידן האָבן געקערט וועלטן אַז זייערע קינדער זאָלן חלילה ניט איבערגיין אויף א לאו... ניט עסן פון פּאַניעס קעסל... האָבן זיך בחורים געמאָרדע־וועט, נעכט ניט געשלאָפן, אַבי אַ סטראַטשקע באַקומען. מזל טוב! דער זון זעט אויס ווי אַ מת... אָבער פּאַניען דינען וועט ער ניט. גאַנץ אַנדערש זענען די שקצים געגאַנגען צום פּריזעוו: מיט געזאַנג און מיט געטראַנק... קיין גרויסע אַרבייט בא די חברה האָבן די מיליטערישע קאָמיסיעס ניט געהאַט... די יידישע בחורים ווידער האָט מען געמאָסטן און געוויגן און מערסטנטייל האָט וועמען געפעלט צו דער הויך אָדער צום וואָג און מיט אַ פּאָר רובל אין אַ זייט זענען פיל יידישע בחורים געזעסן אין דער היים. פונדעסטוועגן זענען געווען פיל אַנדערע וואָס האָבן געדינט דעם קיסר די גאַנצע מלחמה יאָרן ביז דער רעוואָלוציע.

און אַז ס׳האָט ווער געהאַט אַ טאָכטער אויסצוגעבן, האָבן זיך שדכנים אַריינגע־מישט (אין בערעזנע האָט מען אין יענער צייט ווייניק ליבעס געשפּילט) און מען האָט געמאַכט חתונות, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן: די חתונות האָט מען גע־מאַכט אַ פרייטאָג טאָג. שוין פון באַטאָג, זענען זיך אויפגעקומען די הויפּט מחותנים. דער חתן איז איינגעשטאַנען אין אַ שכן׳ס הויז און די כלה בא אירע עלטערן. די כלזמרי׳ם מיט מיכל שפּילמאַן בראש האָבן פאַרנומען פּלאַץ און אָט האָבן זיי אַ שפּיל געטון אַ פריילאַכץ און ס׳איז געוואָרן „ליהודים״. קינדער פון די גאַסן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין שטוב, אַ נאַש טון גוטע זאַכן. פאַרנאַכט צו האָט מען געפירט חתן כלה מיטן בערעזנער חופה־מאַרש צו דער גרויסער שול. דאָרטן איז דער שמש פון שול מיט די באַהעלפער געווען גרייט. מען האָט צושפּרייט די חופּה און די מוטערס מיט דער כלה און די פאָטערס מיטן חתן זענען געשטאַנען

אונטער דער חופה. מען האָט זיך דריי מאָל אַרומגעדרייט מיט דער כלה אַרום דעם חתן און נאָכער האָט דער חתן אָנגעטון דאס רינגל אויף דער כלה׳ס פינגער זאָגנדיק: הרי את מקודשת לי כדת משה וישראל. מען האָט צובראָכן דאס גלעזל. און דאן צוריק מיטן זעלבן חופה מארש איבער דער הויפט גאס קאָמיסאַרסקע אויפן וועג צו אַהיים. קינדער זענען געלאָפן פאַרויס, נאָכער די כלי־זמר, מיט חיים שמחה דעם פויקער בראש און דאן די חתן כלה און מחותנים.ביים טיר איז געשטאַנען אַן אויסגעפוצט מיידעלע און געבענטשט חתן כלה אין עברית מיט מזל און גליק און רייכטום. דאן האָבן באָבעס און זיידעס, מאַמעס און גוטע פריינט געטאַנצט אַ כריילאכץ. פאר די אינגערע איז געווען דער שבת צו נאכט. שוין פון פרי נאָך ליכט בענטשן האָבן זיך מחותנים, גוטע פריינט, חברים און חברטעס און אפילו סתם באקענטע האָבן זיך אַ לאָז געטון אויפן טאנץ אָוונט. וואָס האָט זיך געצויגן ביז שפעט אין דער נאכט אַריין. ראַנדעס און קאדרעלן און מאָדערנע טענץ. יוגנט האָט געטאַנצט און געפרייט זיך און זיך געוואונשן אין גיכן ביי אייערע... שפעט אין דער נאכט האָבן כלי־זמר געפירט חתן־כלה צו זיך אַהיים אונטער די קלאַנגען פון אַ ספעציעלן ניגון.

אַז אַ בערעזנער ייד האָט זיך צוריקגעקערט פון שול, האָט ער אָפּגעזאָגט אַ ברייטן גוט שבת און אַ זאָג געטון: אשת חיל מי ימצא, אַז די ווענט האָבן געציטערט און די פלוניתטע האָט זיך געפילט געהויבן... דער קידוש ווייַן איז געווען גרייט צום קידוש און געוואוסט האָט ער, אַז באלד וועט מען דערלאַנגען געפילטע פיש, געזאַלצן און געפעפערט — טעם גן עדן און געוואוסט האָט ער, אַז אין אויוון מיט ליים גוט פאַרשמירט, ווערט אויסגעפארטיגט אַ טשאָלנט, מיט אַ געפילטער קישקע און היינט אַ פאטשע... אַז אַ מיתה משונה אויף גויים צו וויסן זיי וואָס אַ יידישער מאכל איז...

און אַז אַ יונג ווייבל איז געגאַנגען צו קינד האָט זיך די באבע אַ וואש געטון די הענט און זיך צוגעגרייט אַריינברענגען דעם נייעם בירגער אויף גאָטס וועלטל. און אַז גאָט האָט געהאָלפן, מיט מזל אַ בן זכר... האָט מען פערהאַנגען די בעט מיט יילעכער (אַ סגולה קעגן אַ גוט... אויג) און פארהאַנגען די שטוב מיט שיר המעלות׳ן און ר׳ משה מארימס ז״ל איז אַראָפּגעקומען מיטן חדר און אַ זאָג געטון שיר המעלותן... מען האָט געטיילט לעקאַכלעך און נאָך אַזוינע גוטע זאַכן פאר די קינדער. פרייט זיך קינדערלאך: אַ ייד איז געבוירן!

און חלילה וחס, אַז אַ פרוי איז געגאַנגען שווער צוקינד, האָבן זיך אַלטע ווייבער אַריינגעמישט: האָט מען געצויגן אַ לאַנגן שנור פון פיסל פון דער קימפעטאָרנס בעט אזש בין צום הייליקן אָרט (פאָלג מיר אַ גאנג...) מען איז געלאָפן צום צדיק (צו וועמען דען וועט מען גיין?), מען האָט קברים געריסן, פארן ארון קודש מיט גאָט זיך אויסגעטעהנעט און גאָט האָט זיך דערבארעמט און אַ קינד, אַ לעבעדיגס איז געבוירן. און אַז אַ קינד איז חלילה קראַנק געוואָרן, איז די באבע צום רבינס שול געלאָפן, זיך דאָס הארץ אויסריידן פאר דעם רבונו של עולם, ביים אָפענעם ארון קודש האָט די באבע אויסגערעכנט אירע טענות: צו האָב איך חלילה

פארפעלט ליכט בענטשן אַמאָל? האָב איך ניט אָפּגעהיט אַלע דינים פון כשרות און טהרה, זיך דערמאָנט אַז דאָ שטייט זי פאַר דעם וואָס לעבט אייביג, האָט זי געביטן דעם טאָן, און אַ קוואַל טרערן געגאָסן פון די אויגן און גלייך איבערגעבעטן דעם הייליגן גאָט וואָס שרעקט, אָבער... שטראָפט ניט. און געלאָפן צום הייליקן צדיק:

— פאַר וועמען דען קען מען זיך אַזוי גוט אויסרעדן דאָס ביטער האַרץ ווי פאַרן צדיק? און דער האַרץ פריינט האָט געגעבן אַ ברכה און אַ רפואה דערצו און מיט גאָטס הילף איז דאָס קינד געזונט געוואָרן. אָבער אין בערעזנע אין אַזאַ פאַל האָלט מען ניט דאָס קינד ביי זיך: מען פאַרקויפט דאָס פשוט... איז גייט מען אַוועק צו רבי מאָטל דעם שלאָסער, ביי אים איז אָן ע״ה, אַ פולע שטוב מיט קינדער, וועט זיין נאָך איינער, און רבי מאָטל באַצאָלט אַ פּאָר גראָשן און ווערט דער טאָטע פון נאָך אַ קינד...

און איצט, ניטאָ שוין מער אַזאַ ליבע באָבע, ניטאָ מער דער האַרץ פריינט, אַוועק אַזאַ פריילעך, כשר און ערליך לעבן. מיר זענען פאַריתומט געוואָרן און פאַרטרויערט אויפן גאַנצן לעבן...

## מאמעניו — — —

גערוידמעט אונזערע הייליקע מאמעס

צו דריי יאָר האָסטו מיך אויף די הענט אין חדרל געטראָגן. געוואָלט דער זון זאָל אַ רב זיין, אַ גרויסער מענטש ביי יידן זיין. יעדן טאָג אַ טעפּעלע יאָך און פלייש צוגעבראַכט אין חדר, דאָס קינד זאָל חלילה קיין צייט פאַרלירן פון לערנען. און אַז דיין זון האָט חומש אָנגעהויבן לערנען, האָסטו לעקאַך און קוכן געבאַקן, קרובים און גוטע פריינט איינגעלאַדן אויף שבת לכבוד דעם גרויסן טאָג. האָסט טרערן פון פרייד אויפן ליכטיקן פנים באַגאָסן, אַז דיין זונעלע האָט געזאָגט די פרשה פון ויקרא.

אַז דיין זונעלע איז קראַנק געוואָרן, ביסטו צום הייליקן צדיק רב שמיליקל געלאָפן, און מיט טרערן אין די אויגן זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ. האָט דער צדיק זיין ברכה דיר געגעבן און אַ רפואלע דעם זון דערצו.

אַז כ׳האָב זיך פאַרשולדיקט מיט שקאַצעריי, האָט דער טאַטע עליו השלום אויף זיין שטייגער מיר דרך ארץ געוואָלט לערנען און צו הילף דעם פּאַסיק גענומען, האָסטו מיט דיין שוואַכן קערפּערל זיך אַוועקגעשטעלט צווישן אונז און שמייכן ניט געלאָזט...

האָסט שוין פון דאַנערשטיק באַטאָג די דייזע אין שטוב אַריינגעבראַכט, דאָס טייג אויף ברויט פאַר דער גאַנצער וואָך און לכבוד שבת חלות און קוילישער געפלאָכטן. פיש און פלייש און טשאָלענט לכבוד דעם הייליקן שבת דעם גאַנצן פרייטיק טאָג געקאָכט. און אַ טיש מיט אַ קלאָרן טישטאָך פאַרשפּרייט, צוויי חלות אין איין זייט און אקעגן זיי פיר לייכטער, מעשענע, אָפּגעפּוצטע, ליכט אין זיי געצונדן און דריי מאָל די הענט אויסגעשפּרייט אַרום די ליכט און מקדש שבת געווען.

פאַר די ימים נוראים האָסטו צווי גרויסע וואקסענע ליכט געגרייט. פלאַקסענע פאדים האָסטו אין אַ בלעטל וואקס געקנאָטענע מיט שווייס און דיינע טרערן, עס זאָל חלילה אַ ליכט ניט אויסלעשן... יעדעס קינד — אַ ליכט אין שטוב. אַליין גע־קאָכט, געבאַקן, געוואַשן און צורעכטגעמאַכט, און אין שווערע צייטן פּארוקעס געמאַכט, צושטייער אויף דער הוצאה. מ׳דאַרף דאָך באַלד דעם רבין באַצאָלן שכר לימוד!

און שבת צונאַכטס האָט אָפּגעהילכט דיין שטילער אָבער דייטליכער קול: גאָט פון אברהם, יצחק און יע—קוב, אַז דער ליבער שבת גייט אַוועק און די וואָך זאָל קומען אויף אונז מיט געזונט און פּרנסה... וויפל טרערן האָסטו פאַרגאָסן און תעניתים געפאַסט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַז די טאָכטער און זון זאָלן נאָך ארץ ישראל אַוועק און גאָט האָט זיך אויף דיר מרחם געווען און אַליין זוכה געווען מיט דער גאַנצער פאַמיליע אין ישראל אויסלעבן דיינע יאָרן אין לאַנד וואָס האָסט אַזוי ליב געהאַט.

## ביינקעניש

גערוידמעט יוסף בן־ציון

עס בייגקט זיך אַזוי נאָכן אַלטן שטעטעלע וואו דאָס שטילע טייכל סלוץ פליסט רוהיק אַ גאַנץ יאָר, וואו יוגנט האָט די בעסטע יוגנט צייט פאַרבראַכט. עס ביינקט זיך נאָכן חדרל, נאָך די פינסטערע אָוונטן, ווען מיט לאַמטערנדיל אין האַנט, האָבן תלמידים געזונגען: אלו ואלו מודים, אשרי מי שלא חטא... און די ווארעמע היים ביים אַריינקומען פון פראָסטיגער גאַס...

עס ביינקט זיך נאָכן אַלטן בית המדרישל וואו רבי יהודה פון דער נייער שטאָט האָט הילכיג אויסגעשריגן: אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים... עס ביינקט זיך נאָכן פריילעכן און כשרן פסח, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געצויגן, פון פסח כשרן די געפעס מיט אַ געגליטן שטיין, דאָס וואַשן די חמצדיקע כלים ביים אויפגעגאַנגע־נעם טייך, היינט די צווי סדרים מיט די געשמאַקע פאָלירציקעס צוגעברענטע אין די ליימענע טעפלעך און פול געפאַקטע טאַשן מיט ניס און ניסלעך, היינט די נייע שיכעלעך און קאָסטיומעלעך.

עס ביינקט זיך נאָך די געגזענע שמאַלץ און גריוון וואָס מאַמעניו האָט — שאַ! ביי פאַרמאַכטע טירן און פענסטער געפּרעגלט, עס זאָל קיין בייז אייג ניט אַריין. עס ביינקט זיך אַזוי נאָך אַביסעלע וואַרעניע פון פלוימען און פון ווײַנשל, פון יאַגעדעס און טרוסקאַווקעס, אַליין געפּרעגלט.

עס ביינקט זיך נאָכן רבינס בליק, ברכה און שיריים, עס בענקט זיך נאָך אַ בערעזנער חתונה מיט בערעזנער כלי־זמרים ,נאָך אַ פריילאַכץ און אַ ראָנדע, נאָך אַ מצוה טאַנץ. עס ביינקט זיך נאָכן רבינס טיש — אַ לחיים און שלוש סעודות. עס ביינקט זיך נאָך אַ פשוט אָבער הערליכעס ידישעס לעבן.

## די קהילה אין בערעזנע

**חיים אורעלעס (בולבע), לייזער שפירא, שמאלץ־קעלריך, דודיע הענדלער, משה גאנדעלסמאנס פאָטער, דער אַלטער וואקס, זיי האָבן אָנגעפירט מיט קהל ענינים. אין בערעזנע איז נאָך געווען אַ טאַקסע (לייזער שפירא אין געווען בעל טאקסע — אַזוי האָט מען אים גערופן.)**

## חברא קדישא

איינע פון די שענסטע אויפטוען פון די בערעזנער יידן איז געווען די חברה קדישא. כמעט אַלע אָנגעזעענע יידן פון שטאט זענען געווען מיטגלידער פון חברה קדישא. עס איז געווען ביי דער חברה אַ בוך, וואו אַלע חברים זענען געווען פאר־שריבן. איין מאָל אין יאָר איז פאָרגעקומען אַן אסיפה און דער ראש החברה אין מיין צייט איז געווען רב יצחק פעצעניק (יאָסילס). דאן פלעג דער ראש החברה איבערגעבן אַ באריכט איבער דער טעטיגקייט פון דער חברה. אנפאנג דער אסיפה פלעג געמאכט ווערן אַן אל מלא רחמים די אַלע וואָס זענען נפטר געוואָרן און נאָכן באריכט פלעג מען אויסוויילן אַ נייעם קאָמיטעט מיטן רבין אין שפּיץ און דאן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעודה כדת וכדין מיט בראָנפן, פיש און פלייש און קאָמפּאָט. דאס גרייטן זיך צו דער סעודת מצוה איז געווען אַן אויסערגעוויינליכע. יעדער האָט מיט שמחה געגעבן זיין חלק אויף דער סעודה. דאן איז אין אַ צייט אַרום, בערך חנוכה צייט פאָרגעקומען אַ סעודה קטנה. די חברה האָט זיך פאַרנומען מיט כיבוד המת. געדאגעט אַז אַן אָרימער זאָל האָבן די לעצטע מלבושים, אַ שיינע לויה. כיבוד המת איז געווען אַ מצוה גדולה אין די שטעטלעך. דאס הערשער פאָלק האָט אָנגעהויבן מיט פארשוועכן די קברים און געענדיקט מיט פארשוועכונג פון לעבעדיקע. כבוד אונזערע זיידעס און טאַטעס. זאָל זיי די ערד גערינג זיין.

געווען אויך אַ לינת הצדק אין בערעזנע. העלפן אַ ליידענדן איז געווען פון די ערשטע פליכטן פון אַן אונזעריקן.

ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען מיר וואָווע יענקל עטעלעס. אַליין געלערנט סטאָלעריי און זיך געשפייזט פון מלאכה, ווי זאָגט מען אין בערעזנע: מלאכה — ברכה. אַ קאָפּ האָט וואווע געהאט אַ געניאַלן. אַן אויסערגעוויינליכן זכרון האָט ער געהאט, אָבער ספּעציעל זיך אויסגעצייכנט אין געדיינקען ווען ווער איז נפטר געוואָרן אין בערעזנע. אַלע בערעזנער האָבן זיך צו אים געווענדעט וועגן טאָג פון יארצייט נאָכן פאָטער און מוטער. וואווע האָט זיך קיינמאָל ניט טועה געווען.

## דער בית הקברות אין בערעזנע

אַלע מצבות זענען געווען פון האָלץ. בלויז אין דער מיט איז געשטאנען אַ ווייס געמויערטער אוהל פון די רבנים. די קברים זענען געווען באוואקסן און אויך באדעקט מיט גרינס, אָבער די פאמיליע מיט דער הילף פון די הקדש־לייט האָבן

אויסגעזוכט יעדן קבר און יעדער האָט אין תשעה באָב זיך אויסגעשפּרייט אויפן קבר און אויסגערעדט דאָס הארץ. איצט איז פון דעם אַלטן בית הקברות געבליבן איין ברודער־קבר, וואו אַלע בערעזנער יידן מיטן אויסנאַם פון געציילטע געראַטע־ווטעט, האָבן געפונען די אייביקע רוה.

## געזונדהייטס-וועזן אין בערעזנע

ווי אין אַלע שטעטלעך אין פּוילן, איז ביז דעם לעצטן יאָר־הונדערט קיין דאָק־טוירים ניט געווען .אַ שפּיטאָל אַ גויישער איז געווען, אָבער קיין יידישער דאָקטאָר ניט. דערפאר איז בערעזנע געווען רייך אין ווייסערינס און פעלדשערס. פּאַדשובסקי איז געווען אין בערעזנע באוואוסט און אויך צוויי ברודער שניפּער, איבערהויפּט לייכעלע דער רופא האָט מען אים גערופן. ער האָט זיך פאַרנומען מיט פעלדשעריי און אים פלעגט מען רופן צו קראַנקע. ער האָט געשטעלט באַנקעס געוויינליכע און געהאַקטע. געגעבן רעצעפּטן און ווי מען פלעג זיך אַמאָל וויצלען, געשיקט קינדער אויף יענער וועלט... (אין יענע צייטן זענען די הילפס מיטלען געווען מינימאַלע.) זיי האָבן געהאָלפן לויט זייערע מעגליכקייטן.

לעצטנס זענען שוין אַראָפּגעקומען יידישע דאָקטורים אויך קיין בערעזנע ווי אויך אַ פּוילישער דאָקטאָר פּיוואַנסקי, וועלכע האָבן געגעבן מעדיצינישע הילף דער באַפעלקערונג. דער לעצטער, פּיוואַנסקי, איז אין דער צייט פון די דייטשן געווען אַ מיטאַרבייטער פון די דייטשן. די שנאה צו יידן האָט זיך אַנטפּלעקט עפנטליך, אין איר פולן זין.

אין שווערע פאַלן פלעג מען אַראָפּפאָרן קיין ראָוונע צו דאָקטאָר סעגאַל, וועל־כער איז געווען באוואוסט אין דער גאַנצער סביבה. געווען אַן אַלגעמיינער דאָקטאָר מיט גוטע פּראַקסיס.

בערעזנע איז אין אַלגעמיין געווען אַ ריינע שטעטל. אָפּגעהיט ריינקייט אין שטוב לויט די דינים און מנהגים פון דורי דורות. די קינדער, איבערהויפּט אינגלעך, מיט גלאַטע אָפּגעשערטע קעפּלאָך, ריין אָנגעטון אין וואָך און שבת. קיין קאַנאַלי־זאַציע אין אין בערעזנע ניט געווען, אָבער קיין געשטאַנענע וואַסער איז ניט געווען. אַלעס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אין דרויסן און די ערד האָט אַלץ איינגעזאַפּט און איבערבלייבעכץ פון עסן און אַלע שמוץ האָבן די חזירים פון גאַס אָפּגערוימט יעדן מאָמענט. די גאַסן האָבן יידן גערוימט, יעדער איינער זיין האַלב נעבן שטוב און נעבן די קראָמען האָבן די קרעמער געהאַלטן ציכטיק. בערעזנע איז באמת געווען אַ שענעס, ציכטיגעס שטעטל.

אין צייט פון געטאָ איז די לאַגע געווען אַ טרויעריקע. די מענטשן האָבן אָנגע־וואוירן זייער אויסזען. מען האָט זיי ניט דערקענט. די איינגשאַפּט, דער הונגער און די אומריינקייט האָט געגעבן אירע צייכנס. מענטשן אויסגעדאַרטע, באַוואַקסע־נע, פאַרלייזיקט און קראַנק, דאָס איז געווען דער ציל פון יידן פיינט, די דייטשן: אויסהונגערן, דערנידריקן, פאַרפייניקן אַז דער טויט זאָל אויסזען אַלס אויסלייזונג.

## שריפות אין בערעזנע

בערעזנע איז געבויט געווען פון האָלץ. ביי די פויערן זענען די דעכער געווען פון שטרוי. אַ שוועבעלע און דאָס הויז איז פאַרטיק. די נקמה פון אַ פויער קעגן אַ פויער איז געווען אַמערסטן דורך פאַרברענען דאס הויז און קליניע. די יידישע הייזער זענען געווען צוגעדקט מיט שינדלען און חלילה אַ שריפה איז דאָס הויז אַראָפּ גלאַט. אַז די צייטן זענען געווען שלעכט, פלעגן בעלי מלאכות אַליין אונטער־צינדן און נאָכער געהאַט אַרבייט ביים אויפבויען. אין 1908 איז אַזאַ שריפה געווען און בעלי מלאכות און די וואָס האנדעלן מיט האָלץ האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן. אַ האַלבע שטאָט איז דאַן אַרונטער.

אין אַ צוועלף יאָר אַרום האָט ווידער אויסגעבראָכן אַ שריפה. כ׳געדיינק אַז די מאַמע לשלום האָט אַ זאָג געטון: חיים ברוך, ס׳נעצט... ס׳האָט געהייסן ס׳ברענט... מיין טאַטע לשלום האָט זיך ווי תמיד אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט מיט שוועריקייטן געפונען זיין אַנטועכץ און זיך גענומען שלעפן אין דרויסן דעם קאַסטן. אין בערעזנע האָט מען געהאַט אַזעלכע קופערטן מיט רעדלעך. דאָרט האָט מען געהאַלטן דאָס ביסל אָרימקייט. ווי די מאַמע לשלום פלעג זאָגן. די מוטער ווידער איז געווען אין אַזעלכע פאַלן קאַלטבלוטיק און אַ לויטערן קאָפּ אויף זיך. ווי אַ נאַטשאַלניק האָט זי געגעבן באַפעלן: ברוך, פיר אַראָפּ דעם קאַסטן צו דער קוזניע. נעם מיט די קינדער און זאָלן זיי היטן די זאַכן. זי האָט זיך אַ לאָז געטון צום שטאַל אַרויסנעמען די קוה אין דרויסן. מיט גוטן, געדולדיק האָט זי אַרויסגעטריבן די קוה פון שטאַל און דאַן די גענז פון בוידעם. אויפגעבונדן די בעטגעוואַנט און ברוך, טראָג אַראָפּ! אַזוי האָט מען אַלץ אַרויסגענומען פון שטוב אונטן צום טשעמערנאַ. דעם שכנס הויז איז אַרונטער, אָבער אונזער הויז איז געווען מיט בלעך צוגעדעקט און אַרויס מיט שלום.

# ציוניזם און קולטור אין בערעזנע

פון ד״ר ג. ביגיל

די באלפור דעקלאראציע האָט אויפגעברויזט בערעזנע. מען האָט פאר שמחה געצינדן ליכט אין די פענסטער. דאס בייקען נאָך אַן אייגן היימעלע, וואָס איז איינגעזאפט געוואָרן אין משך פון דורות, זאָגנדיק פון דור צו דור דעם „ומפני חטאינו גלינו מארצנו״ און „וקבץ נדחינו מארבע כנפות הארץ״, האָט זיך פלוצים אין אַ שיינעם טאָג די ג א ו ל ה אַ ווייז געטון מיט אַ שטארקן ליכט, ביחוד פאר די אַלע יידן, וואָס פארשטייען אין די פינטעלעך און אויך די וואָס האָבן ניט אַלץ פארשטאַנען, וואָס זיי האָבן טאָג איין טאָג אויס געבעטן, האָבן פארשטאַנען מיטן אינסטינקט, אַז די גאולה איז נאָנט, אָט האָבן מיר באלד אַ היים מיט אַלע גלייך, האָבן זיך בערעזנער יידן געזאָגט אין כאָר מיט אַלע יידן פון דער גאַרער וועלט. די באגייסטערונג איז געווען גרויס. צוויי זאכן זענען נויטיג: געלט און יוגנט... מען האָט געעפנט טייסטערס, מען האָט געגעבן גאָלד, רינגעלעך און אַנדערע צירונג. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. ציוניסטן זענען שוין געווען אין בערעזנע נאָך פאַר דער באלפור דעקלאראציע: דער לערער אליעזר שטיינבערג, שמואל זילבערשטיין און אַנדערע זענען געווען פון די חובבי ציון. דער ערשטער האָט געלערנט די בערעזנער יוגנט אין זיין בית ספר עברית. עס האָט זיך געשאפן אַ מועדון, וואו די יוגנט האָט זיך געטראָפן אין די אָוונטן. מען האָט דיסקוטירט, געזונגען ציוניסטישע לידער (מאניע ראכמאן, משה גאנדעלמאן, משה בולבע, פנחס לובלינער, מרים פעצעניק, שינבלום, יהודית קיילער, רודיע בייגעל און פיל פיל אַנדערע האָבן אָנגעהויבן אַ ציוניסטישע טעטיגקייט און זיך אָנגעהויבן גרייטן עולה זיין קיין פאלעסטינע (ווי מען האָט עס דאַן גערופן די הייניטיקע ישראל).

די ערשטע עולים קיין ארץ זענען געווען: לייקע שוחט, יהודית קיילער, ל. טויבמאן, אליעזר שיינבלום, פיציע דיין מיט זיין פרוי (די לעצטע האָבן זיך צוריקגעקערט אין אַ צייט אַרום, האָבנדיק שוועריקייטן ביים איינאָרדנען, אָבער קיין שלעכטס קיינמאָל ניט אַרויסגערעט אויף ארץ ישראל), מרדכי שרייבער, רודיע בייגעל. יעדעס מאָל ווען איינער איז עולה געווען קיין ארץ ישראל, האָט מען קראָמען פארשפארט, די אַרבייט געוואָרפן און געגאַנגען באַגלייטן דעם גליקליכן, וואָס אַלע האָבן אים מקנא געווען די זכיה פון עולה זיין. מען האָט געזונגען לידער אויפן וועג און מיטבאַגלייט ביז אונטערן שטאָט און מען האָט געקענט זען ביי פיל



א קבוצה פון „כפירים" מיט דער אנפירונג פון יוסף בן ציון ביגיל ז"ל



„התאחדות" אָרגאַניזאַציע אין בערעזנע — אין דער מיט : פנחס לובלינער ז"ל

פון די באַגלייטער טרערן אין די אויגן. איך געדיינק ווען אין 1929 יאר בין איך עולה געווען, איז די מערהייט יוגנט און עלטערע פון שטאָט און אַלע שכנים פון גאַס געווען אַרום שטוב און מיטבאַגלייט ביז אונטער שטאָט, אַלע האָבן אַנטייל גענומען אין דער געשעעניש. די יוגנט און החלוץ האָט געמאַכט באַנקעטן וואָס

האָבן געגעבן סאַטיספאַקציע פאַר דער טעטיקייט און זיך געוואונשן זיך גאָך טרעפן אין ארץ.

די ציוניסטישע באַוועגונג וואָס איז אין אָנהויב געווען אַן אַלגעמיינע, האָט זיך אָנגעהויבן פונאַנדערטיילן אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס ווי: כללים, התאחדות צעירי ציון, צ.ס. און נאָכער לינקע פועלי ציון מיט יעקב איזמן און דוד גאַנדעלמאַן און מאַניש שוחט אין דער שפּיץ. דער לעצטער איז נאָכער אַוועק לינקס, און געוואָרן אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער גרופּע, מיט מאָטל שפּעטריק אין דער שפּיץ.

די ערשטע ציוניסטישע יוגנט באַוועגונג איז געווען די סקאַוט גרופּע געגרינדעט דורך וועלוויל ליטוואַק, חיים רוזנבערג, משה זוסמאַן, יחיאל שיינבלום אין יוסף בן ציון בייגיל ז״ל וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַ גרופּע פון כפירים. די סקאַוט אָרגאַניזאַציע האָט געציילט 90—100 יוגנטליכע. די כפירים האָבן געציילט ביי אַ 60 יונגע קינדער (8—9), וואָס האָבן באַקומען אַ ספּאָרטיווע דערציאונג. מען האָט די סקויטן דערצויגן צו לעבן לויט געוויסע כללים (דברות) ווי ניט רויכערן, ניט טרינקען קיין שאַרפע משקאות א.א.וו.

די צווייטע ציוניסטישע פּאַרטיי איז געווען „התאחדות" און די אַקטיווע טוער אין דער פּאַרטיי זענען געווען פנחס לובלינער ז״ל, משה בולבע, נפתלי בייגיל א.א. ווי אויך אַ יוגנט אָפּטיילונג פון התאחדות, אַזוי גערופן „גורדוניה", וואו יצחק גאַנדעלמאַן (היינט אין חיפה) האָט אַרויסגעוויזן אַ געוויסע טעטיקייט.



פועלי ציון „צ.ס." מיט יעקב ברזילי בראש



„השומר הצעיר", פון די ערשטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין בערעזנע

שפּעטער איז געווען זייער טעטיג אין דער „התאחדות" אבצע פורמאַן, דער ערשטער פון די בעלי מלאכות, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. צו באַמערקן אַז זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר די אַלע וואָס האָבן מיט־געאַרבייט אין דער באַוועגונג. ער האָט פאַרלאָזט די אַרבייט אין מיטן און זיך פאַרנומען מיט מיטהעלפן די אַלע וואָס האָבן געברויכט זיין הילף.

דער העברעאישער לערער יעקב אייזנמאַן (היינט ברזילי, אין תל־אביב) איז געווען איינער פון די טיכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן אין דער פּועלי ציון צ.ס.



די פוט־באָל גרופּע „חשמונאים" מיט ש. רוכלין בראש

זיין רעכטע האַנט איז געווען דוד גאַנדעלמאַן ז״ל, די ביידע צוזאַמען מיט מאַניש שוחט האָבן זיך נאָכער אָפּגעשפּאָלטן און געשאַפן די לינקע פּועלי ציון גרופּע אין בערעזנע. דער חבר אייזמאַן איז אויך געווען דער וואָס האָט דערצויגן די יוגנט פון בערעזנע צו פּאַרווירקליכונג, דערצויגן צו חלוציזם, געלערנט עברית, פּראָפּאַגאַנדירט מען זאָל אין טאָג טעגלעכן לעבן ריידן עברית. אַזוי האָבן זיך די זיצונגען פון דעם קאָמיטעט פאַר „תרבות״ געפירט אין עברית, אַדאַנק דער השפּעה.

אין אַ צייט אַרום האָט זיך געגרינדעט דער השומר הצעיר, ווען עטלעכע חברים האָבן זיך רעקרוטירט פון דער פריערדיקער סקאַוט אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אויך גערופן „השומר״, אָבער האָט ניט געהאַט דאַן די אויסגעשפּראָכענע פּאָליטישע



„מפקדה״ פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע

ליניע פון היינטיקן „השומר״, היינט צו טאָג די מפ״ם אין ישראל (מפלגת פועלים המאוחדת — אַריינגענומען אויך אַנדערע קליינע גרופּירונגען ווי פּועלי ציון שמאל). די אַקטיווע טוער פון השומר הצעיר זענען געווען: סיומקה פעלדמאַן (היינט ניר אין ישראל) צבי לובלינער — דער הויפּט פירער, שמואל קאַנאָניץ, אברהם האַנדלסמאַן א.א. (צבי לובלינער געפינט זיך היינט אין קיבוץ נגבה און פאַרנעמט אַן אָנפירנדע פּאָזיציע אין קיבוץ און אין מרכז פון מפ״ם אין לאַנד).

אין בערעזנע האָט אויך עקזיסטירט אַ קאָמוניסטישע קליינע גרופּע, אין דער שפּיץ פון וועלכע עס האָבן זיך געפונען: פּינחסוביץ, מענדל בינדער, ליבערזאָן פייגע, מאָטל שפּעטריק, מוניש שוחט און אַנדערע. זיי האָבן געפירט אַ קולטורעלע

טעטיקייט, וועלכע האָט זיך געקרייזט אַרום דער פרץ ביבליאָטעק, וועלכע האָט געצויגן זייער פיל לעזער. די ביבליאָטעק איז געווען זייער רייך אין ביכער און דאָרטן איז אויך געווען אַ לייען זאַל. ס׳זענען פאָרגעקומען דאָרטן קעסטל אָוונטן און רעפעראטן און פון צייט צו צייט האָט דער דראמאטישער קרייז ביי דער פארטיי געגעבן פארשיידענע פאָרשטעלונגען צווישן זיי: טוביה דער מילכיקער, די כשוף־מאכערין, מירעלע אפרת א.א. צו דערמאָנען: ביילקע יוז, פיניע כאווערס, פייגע ליבערזאָן א.א. צומאָל האָט פאָרגעשטעלט דער דראמאטישער ציוניסטישער קרייז (סאנציק קאגאן, ראָזע יוז) צוזאמען מיט דעם יידישיסטישן קרייז.

## דאס קולטורעלע לעבן אין בערעזנע

ענדע פון ערשטן וועלט קריג האָט די דערקלערונג פון דער באלפור דעקלאראַ־ציע ניט נאָר געבראכט צו דער אויפלעבונג פון נאציאָנאלן געוויסן אין יידנטום, נאָר אויך געבראכט צו אַן ענדערונג אין דער דערציאונג פון דער יידישער יוגנט (אין דער ערשטער ריי פון ווייס־רוסישן און פוילישן יידנטום). אויב די מערהייט פון דער יוגנט האָט פון איין זייט אָנגעהויבן מיטן טראדיציאָנעלן חדר פונם דרדקי מלמד, גייענדיק ביזן גמרא מלמד, און ווער ציענדיק ווייטער אין די ישיבות, האָבן זיך אין יענער צייט שוין אויפגעעפנט מאָדערנע שולן סיי דורך איינצעלנע העברעער אָדער קבוצות פון לערער, וואָס האָבן שוין אָנגהויבן אונטעררינכטן אין



אַ גרופע יוגנטליכע אין בערעזנע אין יאר 1935

דער העברעאישער שפראך, עברית בעברית, ווי אויך אַנדערע מאַטעריאַלן. פיל עלטערן האָבן געגומען ספּעציעלע לערער פון עברית פאַר זייערע קינדער. אין די יאָרן 1917/18 האָבן זיך שוין געעפנט דאָ און דאָרט תרבות שולן און אין אַ צייט אַרום, נעבן די שולן — קינדער גאַרטנס (גני ילדים). אַ גרופּע ציוניסטישע טוער ווי שמואל זילבערשטיין, משה בולבע, וועלוויל ליטבק, נפתלי בייגל מיט דער הילף פון אַנדערע חברים האָבן געגרינדעט אין בערעזנע די תרבות שול (דער ערשטער שליח פון תרבות איז געווען ש. רוזנהאק — היינט אין ארץ). די ערשטע פאַרשפּרייטער פון עברית אין בערעזנע זענען געווען די לערער אליעזר שטיינבערג — פון די ערשטע חובבי ציון, משה סמאלע, בן ציון בייגל, דער לעצטער האָט אויך געגעבן העברעאישע שטונדן אין חדר פון רבי אליעזר פייוויש מעדוועד. דער הויפּט פריידיקער און פאַרשפּרייטער פון דער העברעאישער שפּראַך איז געווען דער לערער יעקב אייזמאַן (היינט ברזילי, אין תל־אביב), דיינקער און מאַרקסיסטישער פילאָזאָף, פּערפאַסער פון פיל פילאָזאָפישע מאמרים איבער קאַנט, העגעל און פערפאַסער פון פילאָזאָפישע ווערק ווי „קנט כפשוטו" און לעצטנס „מחקר מקורי על האינסופי והסופי"). דאַן צו דערמאָנען רבי זלמן לעווינבוקס אײדעס, פּאָמעראַניעץ. אפילו די עלטערע יידן פון בערעזנע האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען עברית. עס זענען אפילו געווען אייניקע לעזער פון „המליץ" און נאָכער די „הצפירה" פון וואַרשע. ביי דעם ועד פון „תרבות", די וואָס האָבן געטראָגן דעם יאָך פון דער שולע (אויפזאַמלען די געלט פאַר די לערער צאָלן שכר דירה, פירן די פאַרשרייבונג פון די שילר), האָט זיך געשאַפן אַ חוג דוברי עברית. די בערעזנער יידן האָבן מוותר געווען אויף אומזיסטן שול פון דער רעגירונג און געגעבן די קינדער אין דער „תרבות"־שול, כאָטש זיי האָבן מיט גרויס שוועריקייט געצאָלט דעם שכר למוד. עס האָבן אָנגעהויבן קומען לערער געשיקט פון דער צענטראַלע „תרבות", צווישן זיי: מנחם גאָלדבערג מיט זיין פרוי, מוגילבסקי, פּעקער, פרומער און דאַן חומסקי און דער בערעזנער לערער מאָטקע גאַנדעלמאַן, וואָס האָט אינצווישן געענדיקט דעם סעמינאַר. די לערער האָבן געליטן פון מאַנגל. ניט יעדן מאָנאָט האָבן זיי באַקומען די געהאַלט. די עלטערן האָבן ניט יעדעס מאָל געקענט באַצאָלן צו דער צייט פיל מאָל האָבן די קאָמיטעט חברים פאַרלייגט זייערע אייגענע פאַר גראָשן כדי צו באַצאָלן אַ לערער חודש געלט, אָבער קיין קינד האָט מען פון שולע ניט אַרויסגעשיקט צוליב געלט. די „תרבות"־שולע און דער גן ילדים האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויך אויף דער ציוניסטישער טעטיקייט אין שטאָט. די עלטערן האָבן מיט כבוד אויפגענומען די חברים פון גדוד קרן הקימת. מען האָט אין זעלבער צייט זיך אויסגעשטעלט פאַר אונז מיט די דערגרייכונגען פון די קינדער אין עברית א.א.וו. ניט געווען דאָס הויז וואו אַ קינד האָט געלערנט אין „תרבות", וואו די בלויע פּושקע זאָל האָבן געפעלט.

אַ שפּראַכן קאַמף פאַר און קעגן עברית איז פאָרגעקומען אויך אין בערעזנע. איבערהויפּט פון די בעלי מלאכישע קינדער (אין אַ צייט אַרום זענען פילע בעלי מלאכישע קינדער געוואָרן ציוניסטן און פאַרקערט, פיל סוחרישע, ווי מען האָט

זיי דאן גערופן, בעלי בתישע קינדער זענען געוואָרן מארקסיסטן). ניט איינמאָל האָבן זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין בערעזנע בונדיסטישע רעדנער, וואָס האָבן אַרויסגערופן






„אָרט״־שולע אין בערעזנע, געגרינדעט אין 1931 דורכן יתומים קאָמיטעט

דעם צאָרן פון די ציוניסטן און אַזוי ווי אַלע רעדנער האָבן שטענדיק געפּריידיקט זייערע געדאנקען אין שול, האָט זיך די שול ניט איינמאָל פארוואנדלט אין א שלאַג פּלאַץ.

אין בערעזנע האָט זיך געעפנט דאן אַ פּרץ שולע, וואו די קינדער פון די אַזוי גערופענע יידישיסטן האָבן געלערנט.

בערעזנע האָט פארמאָגט צוויי לעזע־זאלן, איינע נעבן דער פּרץ ביבליאָטעק און אַ צווייטע געגרינדעט דורך דער איניציאַטיוו פון נפתלי בייגל ביי שפּירא אויף קאָמיסארסקע. דאָרטן זענען אויך פאָרגעקומען קעסטל אָוונטן און פארשיידענע רעפעראטן פון די „תרבות"־לערער און אַנדערע חברים. צוויי דראמאטישע קרייזן



העברעאישער קינדער־גארטן אין 1934

זענען געווען אין בערעזנע, איינער נעבן דער פּרץ ביבליאָטעק און איינער אַ ציוניסטישער, וועלכע האָבן יעדער פאר זיך אָדער צוזאמען געגעבן אָפט פאָרשטעלונגען אין יידיש, אייניקע פון זיי האָבן אַרויסגעוויזן טעאַטראַלע פעאיקייטן. עס זענען ניט איינמאָל אַראָפּגעקומען טרופּן פריער וועלכע האָבן מיט די דראַמאַטישע קרייזן פון שטאָט געגעבן גוטע פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך איבערגעחזרט פיל מאָל און געצויגן גאַנץ בערעזנער יוגנט פון אַלע ריכטונגען.

דער „מאָמענט" איז די ערשטע צייט געווען די איינציקע פארשפּרייטעסטע צייטונג אין בערעזנע, פארשפּרייט דורך פיניע שניידער מיט זיינע שוועסטער. נאטירליך האָבן די ציוניסטן זיך באמיט אַראָפּברייענגען די ציוניסטישע צייטונג, דעם „היינט". נפתלי בייגיל האָט אַראָפּגעבראכט די צייטונג און זי אַליין אויך פאר־שפּרייט צווישן ציוניסטישע מיטגלידער. שפּעט אין די אָוונטן, אין רעגן און

בלאָטעס, האָט ער אָפּגעוואַרט די וואַגנס אָדער דעם דראַכלער אויטאָמאָביל כדי אָפּנעמען די צייטונג און זי פאַרשפּרייטן צווישן די חברים. די „וואָלינער שטימע" איז אויך געווען פאַרשפּרייט אין בערעזנע און נפתלי בייגל האָט פון צייט צו צייט געשריבן קאָרעספּאָנדענציעס פון בערעזנע.

ניט נאָר די יוגנט האָט געהאַט אירע קולטורעלע טעטיגקייט. די בערעזנער יידן האָבן געהאַט אַ חברה משניות, א חברה תהלים, אַ חברה קדישא און איך געדיינק נאָך ווי יעדעס יאָר האָבן זיך די חברה קדישא אויפגעקליבן אין רבינס בית המדרש און רבי יצחק יאָסלס האָט שטייענדיק אויסגערעכנט אַלע אַלטע חברים וואָס זענען אין משך פון דער צייט נפטר געוואָרן, אויסגערעכנט די מעלות פון יעדן און דאַן די אַלע פון לעצטן יאָר, נאָכער האָט מען געפּראַוועט אַ סעודה, וואָס יעדער מיטגליד האָט געגעבן צושטייער און פון דער סעודה איז נאָכער געווען אין א צייט אַרום אַ סעודה קטנה. עס איז אויך געווען אַ הילפס־טעטיגקייט ווי „גמילת חסד", אַ ביקור חולים, אַלע פאַר פסח האָט מען געזאָרגט אויף מעות חיטין פאַר אָרימע. יידן אין בערעזנע האָבן ניט נאָר געקלערט וועגן זיך, נאָר אין זינען געהאַט די אַלע וואָס לעבן אין דחקות. הכנסת כלה, הלוית המת האָבן די בערעזנער יידן אָפּגעהיט פונקט ווי שמירה מצה ביי די פרומע יידן.

ווי געזאָגט שוין, איז ביי דער „תרבות" אָרגאַניזאַציע געווען אַ „תרבות" ביבליאָטעק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַממערסטן העברעאישע ביכער צום לעזן, אָבער אויך אין יידיש. פינסקער, ליליענבלום, ביאליק, שניאור, טשערניכאָווסקי און אַנדערע שריפטשטעלער האָבן פאַרנומען דעם אויבן אָן פון די שראַנקן. די ביבליאָ־טעקער זענען געווען: גענדלער, שמואל טויבמן ז"ל און אַנדערע, אַלע שלא על מנת לקבל פרס (אַלע אָן געהאַלט).

די פּרץ ביבליאָטעק, אין הויז פון אפרים ליטבאַק, פּאַטשטאַווע גאַס, איז געווען אין אַ גאַנץ גרויסער זאַל וואו ליינג אויס די ווענט זענען געשטאַנען ברייטע שאַפעס מיט ביכער אין יידיש. אַלע קלאַסיקער ווי מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, שלום אש, אַנ־סקי און אַנדערע ווי אויך איבערזעצונגען פון דער וועלט ליטעראַטור, אַזוי רוסישער, פראַנצייזישער, ענגלישער א.א.וו. די יוגנט האָט מיט דורשט געשעפּט פון דעם רייכן קוואַל, וואָס די ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט. די ביבליאָטעק איז געווען איינע פון די רייכסטע פון אַלע שטעטעלעך אַרום. די ביבליאָטעקער פּינחסאָוויץ און פייגע ליבערזאָן האָבן מיט אַ געניטער האַנט געפירט די לעזער, געקענט יעדן לעזער. זייער אַנגעזאַפּטקייט מיט דער אַלגעמיינער ליטעראַטור האָט זיי דער־מעגליכט דערציהען אַ דור פון לעזער. די „תרבות" ביבליאָטעק האָט ניט געקענט קאָנקורירן מיט אַזאַ ביכער רייכטום. די ציוניסטישע טוער זענען געווען פאַרנומען מיט פיל וויכטיקע ענינים ווי געלט זאַמלונגען, „החלוץ" און אַנדערע אויפגאַבן און די זעלבע כלל טוער זענען כמעט איבעראַל געווען פאַרנומען, אַזוי אַז דאָס צוקומען צו נייע ביכער הן אין עברית הן אין יידיש איז געווען אַ קלענערע. פיל ציוניסטן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון גיין באָרגן ביכער אין דער פּרץ ביבליאָטעק, דאָך זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געקענט מוותר זיין אויף אַ גוטן יידישן



פון רעכטס צו לינקס: מונס בורקע, פינחוסאוויץ, א. אפשטין, ש. פרידמאן, מ. כאץ, מ. בורד, ר. פרידמאן, י. בינדער, ש. צערנאטע, י. פיווען, ב. גאנדעלמאן, ה. שניידער, מ. בינדער, ד. פרעס, פ. ליבערזאָן, ב. צערנאטע־בהר"ל, ג. ליבערזאָן, ר. פיווען, ,ב. ראכמאן . ר. טייטלבוים.

**בוך און האָבן דאָך עובר געווען אויף אַ „לאו" און אָנגעהויבן אויסבאָרגן דאָרטן ביכער. די צוויי ביבליאָטעקן שוין אַליין פאר זיך זענען עדות פון אַ רייך קולטורעל לעבן פון שטעטל בערעזנע.**

**די קליינע בערעזנע האָט ניט נאָר פאַרמאָגט רבנים, שוחטים און דיינים ווי תלמודיסטן, נאָר אויך (אמת ניט פיל און אָן קלינגנדע נעמען פון שרייבער און דיכ־טער) באגאבטע קרעפטן, וועלכע האָבן באַרייכערט די יידישע און העברעאישע ליטעראַטור און פילאָסאָפיע. אַזוי האָט דער בערעזנער לערער יעקב אייזמאן, איצט ברזילי, אַרויסגעגעבן אייניקע פילאָזאָפישע ווערק ווי „קאנט כפשוטו", „מחקר מקורי על האינסופי וסופי" און אַנדערע ווערק און פיל אַרטיקלען איבער העגעל, און איצט גרייט ער צו אַ בוך אויף דער טעמע: „הגל כפשוטו". אין אַמעריקע געפינט זיך אונזער ליבער אהרעלע פעצעניק, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט זשורנאַליסטיק. אונזער חשובער לייבעלע טויבמאן, איצט יונתן, וועלכער פון פריער יוגנט נאָך האָט זיך באטייליקט אין „השילוח" אין צייט פון אחה"ע, און איצט שרייבט פון צייט צו צייט אין „הצופה". בן־ברוך באטייליקט אין „וואָלינער שטימע", נאכער אין ארץ אין דער טאג־פרעסע, און אויך אין אויסלאַנד זייענדיק, געשריבן אין אויס־לענדישע פרעסע. מיר געבן אייניקע לידער פון שמחה קעלריך (עקסטראקטן) און אַ פאָר זאכן (פון פיל) געשריבן פון בן־ברוך און „אישים", געשריבן פון לייבעלע יונתן. אונזער ליבער חבר צבי לובלינער, אנגעזען אין דער פארטיי מפ"ם, איז אויך טעטיג אין דער פארטיי פרעסע. דויד גלעזער (היינט אין יעזור) געווען טיכטיק אין דער „לאגער פרעסע".**

## שנאה...

### פון בן־ברוך

צוויי פעלקער צוויי ברודער באדן זיך אין בלוט
איינער דעם אנדערן מיט מעסערס עס שטעכט...
שטייט אין זייט דער דריטער און... לאכט!
איין פאָלק פארקנעכטעט דורך פרעמדע
דאס צווייטע צוזייט און צושפרייט...
צוויי פעלקער, צוויי ברודער האסן זיך אויף טויט!...
גיט דער דריטער איינעם אַ גלעט,
דערשרעקט זיך דער צווייטער אַ שרעק...
לאכט דער דריטער אין הויפן: ס'איז נאָר אַ אָנהויב, און ניט קיין עק.
צינדט איינער ליכט פאַר שמחה,
וואַרפט באַמבעס דער צווייטער פאַר כעס,
זייט דער דריטער צווישן צוויי פעלקער
— — — שנאה און האַס.

(געשריבן 1940)

## קרן קימת לישראל אין ברעזינע

דאָס זאמלען געלט און פארשפרייטן די בלויע פושקע אין יעדן יידישן הויז איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבן פון דער ברעזינער ציוניסטישער יוגנט. דער מורשה פון ק.ק.ל. איז געווען פון צייט צו צייט אַן אַנדערער טוער, אָבער מען דאַרף איבערהויפּט אונטערשטרייכן די גרויסע טעטיגקייט פון אָרגאַניזירן די גאנצע אַרבייט פון קרן קיימת דורך דעם חבר יעקב אייזנמאַן. אין הויז פון יהודה אריה בייגיל ז"ל, דאָרט איז געווען דער קלוב פון „החלוץ" און אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס ווי „פרייהייט" און פועלי ציון צ.ס. דאָרטן האָט זיך די יוגנט געזאַמלט אין די אָוונטן און דער גדוד פון קרן קיימת האָט זיך געטיילט מיט דער אַרבעט. יעדעס פּאָרל האָט באַקומען אַ טייל גאסן פאר דער זאמלונג אָדער אַנדערע אַקציעס און מיטגעבראַכט פולע פושקעס מיט געלט. ווי געזאָגט, איז די הויפט זאַך געווען אַריינדרינגען אין יעדן יידישן הויז און אויפהייגען אויבנאָן די בלויע פושקע. די אַרבייט איז געפירט געוואָרן מיט ווילן און די דיסציפּלין איז געווען גרויס. מען האָט זיך פרייוויליק אַרויסגעשטעלט צו דער אַקציע. יעקב אייזמאַן, יחיאל שיינבלום, משה בולבע, פנחס לובלינער, מוניש שוחט נ. בייגיל, דבורה לובלי־נער, אַבציק פורמאַן זענען זייער טיכטיק געווען אין קאָמיטעט און אויסער אים פאר ק.ק.ל.

בערעזנע האָט אויך פיל זיך באַשטייערט פאַר קרן היסוד. עס זענען געקומען פאַרשיידענע שליחים פאר קרן היסוד, אָבער איינער פון זיי, הרב דינס, האָט שטאַרק

אויסגענומען מיט זיינע דרשות אין אַלע בתי מדרשים, אפילו מענטשן מיט קעגנער־רישקייט צום ציוניזם זענען געקומען הערן דעם בארימטן רעדנער, וואָס האָט שטארק אויסגענומען אויך ביי די רבנים. (זיינע דרשות זענען געווען פול מיט תנ"ך קענטשאפט און גרויס ליבע צו ארץ ישראל). ד"ר ג. ב



גדוד פון קרן קיימת לישראל אין בערעזנע

## „החלוץ" אין בערעזנע

אין 1917/18, נאָך דער באלפור דעקלאראציע, האָט זיך געגרינדעט דער „החלוץ". די באוועגונג האָט געהאט פאר אַ צוועק אַריינברייגגן אַן איבערקערעניש אין לעבן פון דער יידישער יוגנט, פארוואנדלען די קעסט־קינדער פון טאטנס טיש, די ישיבה בחורים און סתם ליידיקגייער אָדער נייע סוחרים קאַנדידאטן אין פשוטע אַרבייטער. דער „החלוץ" האָט זיך געשטעלט פאר זיין צוועק, צוגרייטן די יידישע יוגנט נאָך אין חוץ לארץ צו דער גרויסער און הייליקער אויפגאבע: בנין הארץ. די יוגנט האָט געדארפט זיך צוגרייטן פיזיש און גייסטיש נאָך פארן עולה זיין קיין ארץ ישראל. די יידישע יוגנט אין פוילן און אַנדערע לענדער האָבן זיך מיט פייער און ברען אַ לאָז געטאָן אין די פויערן געגנטן לערנען ערד ווירטשאפט. פיל אַנדערע האָבן אָנגעהויבן זיך לערנען פאַרשיידענע פאַכן (וואָס מיט אַ צייט צוריק האָט מען זיך געשעמט מיט דעם). אַנדערע זענען אַרויס אין די גאַסן ווערן



„החלוץ״ אין בערעזנע אין די יאָרן 28—1927

האַלץ־העקער און אַנדערע מלאכות. אַט פּונקט דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט דער יידישער יוגנט אין בערעזנע. יידישע אינגלאַך וואָס האָבן אין לעבן קיין האַק און זעג ניט געהאַלטן, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין האָלץ העקער און אַנדערע בעלי מלאכות. ווער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן לערנען פאַר אַ מאָלער און ווער אַ בוי מייסטער און סטאָלעריי. די ערשטע צייט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטרייט צווישן עלטערן און קינדער (אַ שניידערוק אָדער אַ סטאָלאַר וועסטו זיין ?!) אָבער לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָבן די עלטערן שלום געמאַכט מיטן געדאַנק: מלאכה—ברכה האָט איינער געזאָגט... אַ נייע וועלט, האָבן געזאָגט אַנדערע... אַ גרופּע יידישע בחורים און מיידלאַך זענען אַוועק קיין מאַקווין, געשאַפן אַ לאַנדווירטשאַפט קיבוץ (יוסף בן ציון בייגל, משה בולבע, אבצע פורמאַן, שלום קיילער, לאה רבוי און אַנדערע), פיל אַנדערע קיין קלאַסאָוו (נפתלי בייגל, דבורה שמוקלער א.א.), ווער קיין גראַכאָוו נעבן וואַרשע (קיילער דובה), איבאַצעוויץ (בייגל). קלאַסאָווע איז דאַן געווען איינער פון די גרעסטע קיבוצים אין פּוילן. דאָרטן האָבן געאַרבעט די בחורים און בחורות ביי שטיין־האַקעריי און טאַרטאַק אַרבייט.

דער קיבוץ איז געווען ניט נאָר אַ פּלאַץ וואו די יוגנט האָט זיך צוגעוואוינט צו פיזישע אַרבייט און צו אַ קאָלעקטיוון לעבן און אויך גייסטיש זיך אַנטוויקלט, נאָר אויך צוגעוואוינט דער יידישער יוגנט צו זעלבסט פּאַרטיי־דיקונג, אַ זאַך וואָס די גרינדער פון „החלוץ״ האָבן אפשר דעריין ניט געדאַכט. אויך די פויערן און די ווייס־רוסישע און אוקראַאינישע אַרבייטער האָבן דאָס אַריינ־דרינגען פון יידישער יוגנט אין אַרבייטס־פּלעצער ניט צוגעזען גלייכגילטיק און האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַנטיסעמיטישע לאַפּעס וואָס האָט זיך אויסגעדריקט

ניט נאָר אין ווערטער נאָר אין מעשים. ניט איינמאָל זענען די כוליגאַנעס אָנגע־פאַלן אויף די קיבוצים, זיי באַוואָרפן מיט שטיינער סיי ביינאַכט און אויך אין מיטן העלן טאָג (קלאָסאָוו). די חלוצים האָבן אָפּגעוואָרפן די אָנפאַלן מיט מוט און ווירדיקייט. שטיינער זענען געפלויגן איןביידע ריכטונגען ,און ווי תמיד, זענען די העלדן זיך צולאָפן ווען זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד.

אין נאָהנטן וואַלד נעבן קלאָסאָוו האָבן זיך געפונען אַ 5 בחורים און 5 בחורות, אַ מין אָפּטיילונג פון קלאָסאָווער קיבוץ אָנגעפירט פון נפתלי בייגיל, די גרופּע האָט געהאַט איר וואוין־אָרט ביים סטאַראָסטע אין הויז, געאַרבייט אין וואַלד ביים שניידן און סאָרטירן קלעצער. חיימקע ,איינער פון אונזערע בחורים, האָט זיך ניט צולאַדעט מיט אַ שגץ און אים אָנגעבראָכן די ביינער. מיר האָבן נאַטירלעך גע־טאַדלט דעם שריט פון שלעגעריי אָן און פאַר זיך ווי אויך זייענדיק איזאָלירט אין אַ פויערן דאָרף, וואו מיר מוזן אַרבייטן האָנט ביי האַנט. ביי נאַכט, לויט ווי מיר האָבן שוין געהערט קלאַנגען נאָך קומענדיק פון דער אַרבייט, זענען די פויערן פון דאָרף מיט פרוי און קינדער צוגעקומען צום הויז פון סטאַראָסטע און פאַרלאַנגט, מיר זאָלן אַרויסגעבן דעם „שלעגער". נאַטירלעך אַז מיר האָבן די פאָדערונג אָפּ־געוואָרפן, די טיר צוגעשלאָסן און מיט העק און אַנדערע מכשירים געווען גרייט זיך פאַרטיידיקן קעגן אָנפאַלער. נאָר איין חבר האָט באַקומען איבער דער האַנט מיט אַ שטעקן בעת עטלעכע פויערן האָבן באַוויזן אַן עפן טאָן די טיר און געדיינקט אַז דאָ האָבן זיי פריי צו טאָן וואָס זיי ווילן. צוויי פון אונזערע חברים האָבן אָבער אָפּגעטריבן די צורייצטע פויערן מיט אייזנס ,און די טיר צוריק פאַריגלט (דער



אַ הכשרה־קבוצה אין בערעזנע אין יאָר 1932

חבר אונזערער האָט געעפנט אַביסל די טיר, ווייל זיי האָבן געזאָגט שמועסן מיט דעם בעל הבית פון שטוב... דער סטאַראָסטע האָט פראָבירט ווירקן אויף די פויערן זיי זאָלן זיך צוגיין און זיי צוגעזאָגט זעט אויס אונז די הויז צו נעמען. מיר האָבן אין אַ פּאָר טעג אַרום פאַרלאָזט דעם וואלד וויסנדיק אַז די פויערן וועלן זוכן נקמה און אויסזוכן חיימקען... (מיר האָבן אים גלייך צו מאָרגנס אָפּגעשיקט נאָך קלאָסאָוו). מיר האָבן געמוזט דאָס דאָרף פאַרלאָזן, ווייל דער סטאַראסטע האָט ניט געוואָלט אריין אין קריג מיט זיינע פויערן, האָלטן פאר אונזער זייט... און אַ צווייטע וואוינונג וואָלטן מיר שוין ניט באַקומען. אַזעלכע אָנפאלן האָבן מיט דער צייט דערצויגן די חלוצים ניט זיין קיין פחדנים, וויסנדיק אינצווישן וועגן די אָנפאלן פון די אַראַבער אויף יידן אין ארץ ישראל און די העלדישע פארטיידיקונג פון די יידישע חלוצים אין לאנד. די עלטערן האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף די קינדער מיט אַנדערע אויגן: אפשר זענען טאַקע זיי גערעכט... „החלוץ״ איז געוואָרן די באַ־ליבסטע באוועגונג פון דער יוגנט ווי אויך פון די עלטערע. זייענדיק אַ נייטראַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַרומגענומען די גאנצע יוגנט פון אַלע פארטייען, וואָס האָבן זיך אינצווישן אָנגעהויבן פונאנדערטיילן אין דער ציוניסטישער באוועגונג.

די יוגנט וואָס האָט באַקומען הכשרה אין די קיבוצים, האָבן זיך פיל לייכטער צוגעוואוינט צום א״י קלימאַט, צו דער אַרבייט ווי צו דער אַרבייטסלאָזיקייט. די יוגנט איז שוין געווען צוגעוואוינט צו אַ שווער אַרבייטס־לעבן, צום האַלצערנעם בעטל, מיט איין דעק... צו אַ געוויינלעכן מיטאָג.

צו דערמאָנען די פירער פון קיבוצים: עובדיהו יוסעלעוויץ אין איבאַצעביץ, לוי ביקובסקי — אַרבייטס־פירער (מסדר עבודה), בנימין מרשאַק, לוי דער קאַלי־שער (אידעאָלאָגן פון קיבוץ המאוחד אין קלאָסאָוו). איבערהויפּט איז בנימין מרשאַק געווען באַליבט פון די חברים אַלס ביישפּיל פון אַרבייטזאַמקייט און פשוטן האַלטן.

## בערעזנער ערשטע עולים קיין ישראל

י. ל. יונתן (טויבמן), הויכער באַאמטער אין סוכנות משך פיל יאָרן, איצט הויכער ק.ק.ל. באַאמטער.

לאה שוחט אין רמת השרון, ישראל.

פיציע דיין מיט זיין פרוי ז״ל, ניט קענענדיק זיך צופאַסן צום א״י קלימאַט און עקאָנאָמישע שוועריקייטן, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט און זייער טויט באַקומען דורך אוקראַינער מערדער, שותפים פון דייטש.

פרוי פּערילע דראַביצער־טויבמן, די פרוי פון הרב דראַביצער

אליעזר שײנבלום־אבידוב, פון די ערשטע ציוניסטישע טוער אין בערעזנע.

מרדכי שרייבער מיט זיין פרוי נעכע, ביידע בערעזנער.

די שוועסטער שטיין און יעקב אייזמן, העברעאישער לערער אין בערעזנע,

**טיכטיקער טוער פון „החלוץ״, דאן רעכטע פועלי ציון, נאכער לינקע פועלי ציון. מורשה פון קרן קימת לישראל. הײַנט אין ישראל, פּערפאסער פון אייניקע פילאָ־זאָפישע ווערק אין עברית.**

רודיע קופּערמאַן, **שוועסטער פון ד״ר ג. בייגיל.**

יהודית קײַלר־ספּיוואק, **געוועזענע גננת.**

## ד״ר ג. ביגיל (בן־ברוך)



רודיע קופרמן־ביגיל



יוסף קופרמן



# זכרונות

פון סעם גוטלין (לאָס אַנזשעלעס, קאַליפאָרניע)

— — — יא, לייכט צו זאגען שרייבען. פון וואנען הויבט מען אָן? פון דער ווייכער קינדהייט באם זיידען יהושע זעליג דעם סופר שטעטל בראהין, ווען איך בין כמעט פינף יאר אַלט געווען? פון דאמאלסט געדיינקט זיך נאָר, אַז דער זיידע שטייט אויף האַלבע נאכט און בעט און זאָגט פראוועט תיקון חצות.

פאַרוואָס גייט ער ניט אין שול, וועלכע איז די צווייטע שטוב פון אונז און לאָזט אונז אַלעמען שלאָפען רוהיג?

אפשר גאָר באשרייבן די חדר יאָרן. מיין גרויסע קונסט ווערק צו מאכן פאפי־רענע לאַמטערענס, קנייטשן, רייפן ווי אַ הארמאשקע באפעסטיגן דאס לעכטל, אַז זי זאָל ניט אומפאלן און אָנמאַכן אַ שריפה.

פון יענע טעג און ווינטער נעכט קלינגט נאָך אין די אויערן דער „האדרת והאמונה, לחי עולמים — הבינה והברכה לחי עולמים״... טאפטשענדיק דערביי די געדיכטע פעטע אוקראיינישע בלאָטע — — — אַלעס איבעריקע איז פאַרנעבלט.

אפשר גאָר שרייבן אַ קאַפּיטעל פון די שפּעטעריקע קינדער־יאָרן — או! פון יענער צייט געדיינקט זיך אַ סך — — — אָט בין איך שוין אַ גרויסער בחור. אַ ייד פון גאַנצע 9 יאר. נאָך פיר יאָר סך הכל און איך בין שוין אַ „בר־מצוה״־בחור. איך לערן באם טאטן, קען דקדוק און רעד לשון־קודש. דאָנערשטיק איז דער יום־הדין. דער טאַטע פארהערט די תלמידים די לימודים פון וואָך. די אינגלעך פאַרשטאָפּטע קעפּלאך, מחילה פאַרהיקן זיך, שטאַמלען און ווייסן ניט. דער טאַטע איז אויפגערעגט, בייזערט זיך און לאָזט אויס דעם כעס צו מיר.

ווײנענדיק פרעג איך: „טאַטע, פארוואָס בין איך דאָס כפרה־הינדעל, איך קען דאָך? אַנו פרעג מיר „העצל והנמלה״, די פסוקים אין ישעיהו „אשירה נא לידידי א.א.וו. דער טאַטע דריקט צום הארץ און זאָגט: „דו ביזט געבעך זייער גערעכט, זונעלע מיינער. אָבער די ביטערע פרנסה ברייגגט דערצו, שלאָגן זיי, די פרעמדע קינדער, קען מען ניט. מ׳וועט זיי אַרויסנעמען אין מיטן זמן און מ׳וועט בלייבן אָן אַ שטיקל ברויט אין שטוב.

דאָנערשטיק פלעג איך דערפאר אנטלויפן צום טייך זיך באָדן און אויסמיידן די קלעפּ וואָס געהערן אַנדערע, פלעג איך באנאכט אַריינכאַפּן כפלים.

געוואוינט האָבן מיר אין גרויס דחקות בא שאולן קיילער אין דירה. אַן אומ־

געלומפּערטער אייבן, וואָס איז אייגנטליך נאָר צום קאָכן דאַרף אָנוואַרעמען די צוויי קליינע צימערלעך מיט דער ערדיגער פּאָדלאָגע, וואָס איז קאַלט און נאָס.

איך און מיין ברודער זשאַמע, וואָס איז אומגעקומען דורך די נאַציס ימ״ש, זענען געשלאָפן אויפן אייבן. ווען אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער, אַן איי און אַביסל מילך האָט מען געקענט נאָר חלומען.

די עלטערן האָבן געזאָגט האַלב מיט שפּאָס, אַז דאָס איז בלויז פאַר קראַנקע קינדער, און אַזוי ווי איך בין ב״ה אַ געזונט קינד, איז דאָך ניט שייך.

און אָט געדיינקט זיך אַן אויסגעשטערנטער ווינטער אויף דער נאַכט. דער טאַטע גייט געבן אַן „אוראַק״ דוד גאַרבליכטס קינדער גיילע און איציק. פירט מיר פאַר דער האַנט, איך זאָל זיך שפּילן דאָרט מיט די קינדער אין מיין עלטער, פּיניע און שלום.

מיר קומען צו אַ שיין גרויס הויז. מיר שקראַבען פּלייסיק אונזערע שיך, קלינגען און אַ דינסט עפנט די טיר און אין שטוב איז ליכטיק און ריין. אַ ליבע וואַרעמקייט איז צוגאָסן אין די גרויסע חדרים. איך שפּיל זיך שטילערהייט מיט גרויס דרך־ארץ פאַר דער סביבה.

די דינסט גיט די קינדער עסן און צו פאַרטרינקן הייסע מילך.

אין האַרצן האָב איך רחמנות אויף מיינע חברים, וועלכע זיינען נעבעך קראַנקע. אָבער אויך איך באַקום אַ הייסע גלאָז מילך און עד היום קען איך ניט פאַרגעסן דעם טעם פון יענער גלאָז מילך מיט הויט.

איך האָב אַריינגעקוקט אין גרויסן זאַל. דאָרט איז געזעסן דער גביר גאַרבליט מיט זיין שיין צוקעמטער באָרד און זיך צוגעהערט ווי דער טאַטע לערנט מיט די צוויי תלמידים זיינע קינדער. פערלדיקע ווערטער שיטן זיך פון זיין מויל און זיינע טיפע אויגן לייכטן מיט שיין פון תורה און חכמה — — — אַלץ איז ווי אין אַ חלום, אָבער אָט גייען מיר שוין צוריק אַהיים.

מיין קינדעריש מוחל עגבערן פראַגען. איך ווייס ניט ווי אָנהויבן.

„טאַטע״ — זאָג איך — „איך האָב געזען ווי גאַרבליט האָט געשלונגען דיינע ווערטער, ער צאָלט דיר שכר־לימוד און מיר לעבן אין אַזאַ דחקות — — פאַרוואָס ביזטו אויך ניט קיין סוחר און די מאַמע און מיר וואָלטן אויך געהאַט אַזאַ וואַרעמע גוטע שטוב.

דער טאַטע האָט מיט אַ שטילן זיפץ געענטפערט. בא דער לבנה־שיין האָב איך באַמערקט ווי טרערן בלישטשען אין די אויגן

אין מיינע שלאָפלאָזע נעכט איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס — נאָר ניט קיין לערער אָדער אַ מטיף. אַ סוחר ווי דוד גאַרבליט און עסן דאָס וואָס אַלע „קראַנקע״ קינדער עסן: ברויט מיט פּוטער, אַן איי און מילך מיט צוגעבריענטע הויט.

ווי לעבעדיק שטייען פאַר די אויגן די ימים־נוראים טעג אין בערעזנע. טראָגן זייער „כמוסבעקייט״ און פּחד זיינען זיי געווען פאַר מיר פול מיט פריייד. פריי פון

חדר און פון קלעפּ. דעם טאַטעס שטימע קלינגט אין די צוויי קליינע חדרים. איך גיי אויף מאַנען שכר לימוד און באַקום עקסטראַ געצאָלט.

יאַנקעל „גונער״ דער שניידער נעמט אַ מאָס אויף אַ קאָסטיומל. יהושע דער שוסטער מעסט די שטיוועלעך און זאָגט צו, אַז ס׳וועט זיין מיט „סקריפּ״ און גיך געמאַכט, ווייל בדרך כלל געדויערט די באַשטעלונג בא אים אַזוי פיל, אַז ביז ער ברענגט זיי אָפּ, איז דאָס פיסעל אויסגעוואַקסן און די שטיוועלעך קוועטשן.

די פלאַקסיווע טעג גייען פאַריבער און אָט איז סוכות און שמחת־תורה. הפקר אַ וועלט!

זענען פאַריבער די ימים טובים און די פריזיוואָניקעס הויבן זיך אָן „מאַרען״. אַלטער דער שטאָט משוגענער צייכנט זיך אויס באַזונדער מיט אימיטירן און נאָך־מאַכן מיין טאַטן — „אוי טייערינקע ברידערלאַך!״ צו מיר באַציט ער זיך גוט און אויך איך צו אים.

איך האָב שרעקליכן מיטלייד געהאַט אויף אים ווען די „פּריזיוואָניקעס״ האָבן אים אַוועקגעלייגט אויף אַ „מיטה״, געטראָגן צום שול און איינער איז געגאַנגען פאַרויס און געקלאַפּט מיט אַ פּושקע: „צדקה תציל ממות״. עס האָט לאַנג ניט גענומען און אַלטער איז געוואָרן אַן אמתדיקער הונדערט פּראָצענטיקער מת.

און צום סוף קומט אַרויף אויפן זכרון אַ בלבול טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ נאַכט מיט דעם פרומען שטילען שניידער, וואָס איך האָב שוין פריער דערמאָנט — שלום.

ער איז געווען אונזערער אַ שכן. בא אים האָב איך ליב געהאַט צו פאַרברענגען אַ שעה פון די לאַנגע פינסטערע ווינטער־נעכט. ביז האַלבע נאַכט האָט די „מאַסטערסקאַיאַ״ געאַרבעט. עס האָט מיר געצויגן צו שער און אייזן, נאָדעל און פאָדים.

דער טומעל פון די מאַשינען, די לידלעך פון די צוויי אַרבעטער, דאָס „כבקרת׳ל״ פון ר׳ שלום׳ן האָט מיר פאַרכאַפּט, און אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ פיין קול׳כעל — האָב איך אויך מיט געשטייערט צום כאָר.

צוקוקנדיק זיך ווי שלום פלעגט לערנען די מלאכה די שניידער געזעלן, האָב איך „געכאַפּט דעם שניט״ און פאַרשטאַנען די מלאכה.

געווען אַפּנים אין דעם אַ רמז אויפן גורל אין צוקונפט, אַז פון דעם וועט מען מאַכן אַמאָל אַ לעבן אין דעם ווייטן לאַנד, און מ׳וועט ווערן אַ פאַבריקאַנט פון פרויען קליידער.

און דאָ איז די מעשה מיטן בלבול אויף אונזער שלום דעם שניידער.

אין איינעם אַ ווינטער אויף דער נאַכט איז ר׳ שלום אַוועק צו רעב חיים׳קען אין בית־מדרש — ווי דער שטייגער איז — דאַווענען מנחה, און נאָכדעם בלייבן בא „עין־יעקב״ שיעור.

פלוצים עפנט זיך די טיר און עס שטעלט זיך אַריין ר׳ שלום אַ בלייכער — אַ דערשראָקענער און אין דער האַנט טראָגט ער אַ גרויסן טכוירענעם פוטער און דערציילט, אַז באַם פאַרקאַן פון זיין שטיבל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף דעם

בגד. אין דער פינסטערניש האָט ער געמיינט פריער, אַז עס ׳איז אַ שיכורער גוי, אָבער זיך איינקוקנדיק האָט ער דערזען דעם בגד.

אַלע האָבן ,נייגעריק און מיט שרעק אָנגעקוקט די מציאה און מען האָט דעם פוטער אויפגעהאַנגען זייער בכבודיק.

עס האָט גענומען עטליכע מינוט נאָר, און עס האָט זיך אַריינגעשטעלט דער פּריץ, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט פון שלום׳ס הויז מיט צוויי פּאָליציאַנטן, אַרונטער דעם פוטער און אַן שום פראַגן גענומען שלאָגן דעם שניידער מיט די אַרבעטער.

עס האָט ניט געהאָלפן קיינע טענות. מען האָט אַרעסטירט שלום׳ען מיט זיין געהילף, געשטעלט צום משפט און מען האָט זיי פאַראורטיילט צו צוויי יאָר טורמע.

אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז אַן אינסצענירטער געמיינער בלבול — דאַכט זיך אַז דאַמאָלסט איז אָנגענומען געוואָרן דער באשלוס — אין אַזאַ לאַנד איז ניט צו לעבן — אַנטלויפן!

צוליב אַן אַקס פון אַ וואָגן איז חרוב געוואָרן ביתר און צוליב שלום׳ס טכוירענע מציאה האָט זיך שמערל, דעם מטיף׳ס זון המכונה סעם אָוועקגעלאָזט אין קאַליפאָרניער־בעסעס מדינה און געבויט זיין היים אין דער גרויסער פרייער אַמעריקע.

פון יענע יאָרן האָבן שוין אַ סך וואַסערן אָפּגעפלאָסן פון און אין סלוטש אַריין, אָבער די זכרונות פו די קינדער יאָרן, פון דעם אַלטן חרוב־געוואָרענעם נעסט, טראָגט מען מיט זיך מיט, טיף באַהאַלטן, אין אַלע וויטקייטן.

## בענדעראַוועצעס אין בערעזנע
### פון ד״ר ג. ביגיל

אין צייט פון רוסיש־פּוילישן קריג זענען געווען צייטן ווען פיל שטעט און שטעטלעך און דערפער זענען געווען הפקר. פּשוט ס׳איז ניט געווען קיין מאַכט אין בערעזנע. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז פאַרשיידענע באַנדעס האָבן געבושעוועט אין די געגנטן.

כ׳געדענק, כ׳בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר 9—10, ווען אין אַ העלן טאָג זענען אַריינגעפאָרן דריי רייטערס, אָנגעטון אין רויטע העמדלעך און באַוואָפנט מיט אַ רעוואָלווער און אַ שווערד. אַריינגעפאָרן מיט אַ רעש און טומל, פון דער נייער שטאָט און אויסגעשאָסן איין מאָל אין דער לופטן. אונזער הויז איז געווען פון דער רעכטער זייט אָנקומענדיק פון דער נייער שטאָט, אויף קאַרעצקער גאַס. די פויערשע הייזלעך האָבן זיך פונקט געענדיקט און אַ שמאָל געסל וואָס האָט געפירט צום צ׳עמערנא האָט אָפּגעטיילט די יידישע קאַרעצקע גאַס פון דער פויערשער געגנט וואָס האָט זיך געצויגן ביז דער נייער שטאָט, וואָס איז באמת געווען אַ מין פאָרוואָרק פון עטליכע יידישע הייזער. דער קלויסטער אין צענטער. כ׳האָב זיך אַרויסגערוקט שטילערהייט פון שטוב אום נאָכצופאָלגן די געשעהניש. די דריי בענדעראַוועצעס האָבן אַריינגעקוקט אין אונזער געסל און ווייטער געפאָרן. זיך אָפּגעשטעלט ווידער

ביים צווייטן הויז, וואו ס'האָט געוואוינט מאניע נפתלעס (ראכמאַן) זיין זון'ס הויז מיט געוועלבל. אין געסל צווישן אונזער הויז און זייערס איז געלעגן איין פור האָלץ אָפּגעוואָרפן. די בענדעראָווצעס זענען אַריינגעפאָרן אין געסל, אַראָפּ פון די פערד און איינער פון זיי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. ר׳ נפתלי ראכמאַן איז אַרויס צו זיי. דאַן האָבן זיי אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן פון וואַנען קומט צו אים די האָלץ (סתם זיך געטשעפּעט). ער האָט זיי אויפגעקלערט, אַז ער האָט די האָלץ געקויפט ביי אַ פויער. אַזוי רעדנדיק מיט זיי האָט דער בענדעראָוועץ אַרויס געשלעפּט די שווערד און זי אַויסגעשטרעקט צום האלז פון ר׳ נפתלי. איך האָב געזען ווי ר׳ נפתלי האָט אַוועקגעכאַפּט דעם האַלז פון דער שווערד און מיט אַ דערשראָקענעם קול גענומען שרייען געוואלד, ראַטעוועט! איך האָב מיטגעשריגן געוואלד! פון אַלע הייזער האָט מען אָנגעהויבן שרייען געוואלד און אַנטלויפן אין די געסלאַך... קיינער איז ניט געלאָפן זעהן ווער און וואָס האָט געשריגן און וואָס האָט פּאַסירט. דער בענדעראָוועץ האָט צוריקגעשטעקט די שווערד אין שיידל, אַרויף אויפן פערד און אַזוי ווייטער געפאָרן אין שטאָט. כ'געדענק אַז ס'איז געווען אַן אבעראַנע, אָבער קיינער האָט זיך ניט געוויזן צו פאַרטרייבן די דריי איינציקע שלעכט באַוואָפנעטע באַנדיטן. דאָס האָט שוין דאַן געמאַכט אַ טרויעריקן רושם אויף מיר.

אַ שטעטל יידן לויפן אַוועק פון דריי בענדעראָווצעס...

# א פערעסטרעלקע

די רוסן זענען געלאָפן פאַרויס. אין בערעזנע האָט זיך אינסטאַלירט אַ שטאַב. בא גאַנדעלמאַנען אין הויז זענען איינגעשטאַנען די הויכע מיליטער אָפיצירן. אין מיטן מאַרק האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע און הויכע ראַדיאָ־סטאַנציע וואו מ'האָט יעדן טאָג געהערט: איינגענומען ראָוונע, קאָוועל, ברעסט ליטאָווסק, א.א.וו. די רוסן האָבן זיך ניט שלעכט באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג.

אַ פאַל האָט געטראָפן מיט רודי בייגעל, היינט קופערמאַן. ביי ר׳ חיים ברוך אין הויז זענען איינגעשטאַנען דריי באָלשעוויקעס. איינמאָל האָט אַ סערזשאַנט פון זיי געפירט אַ דיסקוסיע מיט רודיען איבער פּאָליטיק און רעליגיע. דער סערזשאַנט האָט געטעהנעט אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, און רודיע האָט אים אויסגעוויזן מיט אותות און מופתים, אַז ס'איז יאָ דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט... ביז איינער פון די הויכע מיליטער באַאמטע האָט צופעליק דורכשפּאַצירט נעבן הויז און זיך צוגעהערט צו דער דיסקוסיע. געענדקט האָט זיך מיט דעם, אַז מ'האָט רודיען איינגעזעצט אין אַרעסט אין אַ קאָנפיסקירטן צימער ביי איינעם אין הויז.

מישע באַרישמאַן איז געווען דאַן איינער פון די יידישע יונגעלייט אין בערעזנע וואָס די מיליטער מאַכט האָט אַרויפגעלייגט און איבערגעגעבן אין זייערע הענט געוויסע פונקציעס. ער האָט אויסגעפויעלט דאָס מען האָט באַפרייט רודיען, און זי איז אָפּגעקומען מיטן בלויזן שרעק.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן די רוסן פאַרלאָזט בערעזנע, און ווען די פּאַליאַקן האָבן געזיגט ביי לעמבערג און די רוסן האָבן געמאַכט דעם וועג צוריק זענען געציילטע פון זיי דורכגעגאַנגען בערעזנע און זיך ווידער צוזעצט אין די הייזער. זיי זענען געווען שלעכט געקליידעט, הונגעריק און געבעטן עסן ביי די יידן, אָבער ניט גערויבט. כ׳געדיינק אַן אָוונט, ביי אונז איז געווען געשלאָסן די טירן ווי שטענדיק אפילו אין נאַרמאַלע צייטן (מען האָט מורא געהאַט פאַר אַ פּאָר פּריי־זיווניקעס אָנגעשכורטע אין גאַס), האָבן די באָלשעוויקעס אָנגעקלאַפּט אין פענסטער און געזאָגט: באַבאשקא, עפן די טיר, האָב ניט קיין מורא, מיר זענען הונגעריק, גיב אונז עפּעס עסן. מיין מוטער ע״ה האָט געעפנט די טיר, זיי געגעבן אַ שטיקל ברויט, וואָס איז שטענדיק געווען גוט באַהאַלטן פאַר אונז, אונטערן האָלץ (סאָ׳יז דאַן געווען אַ הונגער צייט און שווער געווען פאַר זיך דאָס עסן שאַפן), זיי נאָך צוגעגעבן אַ לאַדעשקע זויערמילך. זיי האָבן מיט אַ באַזונדער אַפּעטיט געגעסן דעם ברויט מיט זויערמילך, באַדאַנקט און אַוועק רוהיג פון שטוב. דאָס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם וואָס כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

עס זענען געפאַלן גראַנאַטן אין דער פּעריפעריע פון שטאָט. די פּאָליאַקן האָבן אַטאַקירט און די רוסן זענען אָפּגעטראָטן. עטליכע רוסישע זעלנער אויף אַ וואָגן, אייניקע פון זיי באַנדאַזשירט, זענען זיי געלאָפן זעט אויס צום בריק וואָס פירט אונטערן טייך. אַ גרופּע זעלנער נעבן אונזער הויז זענען אַראָפּ פון וואָגן, אַראָפּ גענומען אַ קעסטל קוילן, זיך צוטיילט און געלאָפן אין שטאָט.

פון זורנער זייט זענען אָנגעלאָפן די פּאָליאַקן מיט אַ מאַשין־געווער. נעבן אפאנאַס הויז אין ווינקל פון קאַרעצקער גאַס האָבן זיך געפונען די רוסישע זעלנער, וואָס האָבן פאַרשפּעטיגש צו אַנטלויפן. צוויי פון זיי האָבן אויפגעהויבן די הענט, ד.ה. זיך איבערגעגעבן. דער דריטער האָט ביז דער לעצטער קויל געשאָסן אויף די פּאָליאַקן, און די קוילן האָבן אים אויסגעפּעלט, האָט ער זיך מיט דער שטיך געלאָזט אויף זיי. די אַנדערע האָבן אים די ביקס געריסן, ווייל זיי האָבן געזען דאָס דער שפּיל איז פאַרן טייוול. דער סוף איז געווען דאָס מ׳האָט זיי געבונדענער־הייט פאַרנומען אין פלען. אויף מאָרגנס האָבן די סנאַראַדן געהילכט פון דער רוסי־שער זייט, אָבער זיי האָבן קיינעם ניט געשאַדעט, ווייל זיי זענען געפאַלן אויסער דער שטאָט.

די איינציקע, וואָס האָט פון אַ בלאָנדזשענדער קויל באַקומען פאַרוואונדעט און געשטאָרבן, איז געווען דעם דיינ׳ס פרוי ע״ה.

## זכרונות פון חנה גרובער טשערעטינקע (היינט דעטרויט)

ערב ראש השנה. אין שטאָט איז אַ טומל, אַ גערודער. די סעלאַנעס (דאָרפישע יידן) זענען פאַרטון מיט שעכטן עופות, איינקויפן זאַכן אויף יום־טוב. די סעלאַנעס זענען תמיד געפאָרן קיין בערעזנע אויף יום־טוב און פאַר זייער רוהיק לעבן איז עס געווען אַ צו גרויסער טומל. די ערשטע זאַך איז געווען גיין אָפּגעבן שלום דעם רבין!

אַט האָבן שוין אַלע יידן זיך צורעכט געמאַכט צום יום הדין. אין שטוב וואַרטן שוין די געפּלאַכטענע חלות מיטן ווײַן אויפן טיש, ביי וועמען עס לייכטן די ליכט און אַ געווײנליכע לאָמפּ (אין יענע צייטן איז נאָך ניט געווען קיין עלעקטריע) און ביי וועמען עס ברענען די בליץ לאַמפּן, לכבוד יום־טוב.

אָבער דאָס וויכטיקסטע איז וואָס עס טוט זיך איצט אין דער גרויסער שול: דער צדיק רב שמואלקע, א נידעריק ברייט־פּלייציקער ייד מיט דער גרויסער באָרד, שאַרפע גרויסע גרוי־געלבלעכע ברעמען, אָנגעטון מיטן קיטל און טלית האָט ער הימליש הייליק אויסגעזען ביי זיינע חסידים. די שטאָט איז געווען פול פון חסידים פון דער אַרומגעגנד און פון ווייט (פיל חסידים פון פּינסק און פּינסקער געגנט). דער רבי לשלום איז געווען אַ גוטפאַרייִנדיקער און פּאָלקס מענטש, ווי מען רופט עס היינט — אַ דעמאָקראַטישער רבי. פיל חסידים זענען געווען פשוטע בעלי מלאכות און מען דערציילט, אַז רב שמואלקע האָט אַ מאָל געזאָגט: מיט מיינע שוסטער און שניידער יידן וועל איך אויף יענער וועלט גיין אַנטקעגן יענעם רבין וואָס צו אים קומען אויף ראש השנה פיל ארץ ישראל יידן. דאָס האָט ער געזאָגט אַ פאַרזאָרגטן חסיד, וואָס האָט אים דערציילט, אַז צו אַ גע־וויסן רבין קומען אויף ראש השנה אויך יידן פון ארץ ישראל. רבי שמיליע טשערעטניקער האָט מיר דערציילט (מיין זיידע עה״ש), אַז רבי שמואלקע האָט געזאָגט: ווען איך וואָלט אויסגעטיילט די געלט, וואָלט איך די געלט פון די בעלי מלאכות גענומען פאַר שבתים און יומטובים, ווייל דאָס איז ערליכע כשר׳ע פאַר־דינטע געלט... מיט בלוט און שוויס.

מיין מוטער לשלום איז געווען אַ טאָג צו גאַסט ביי דער רביצין אין שטוב און עס איז געקומען אַ פויער מיט אַ גאָר גרויסן פיש צום פאַרקויפן. דער רבי האָט געפרעגט אויפן פרייז פון פיש (מען האָט אים געוויזן דעם פיש צום באַוואונדערן די גרויסקייט) און ווען ער האָט געהערט, אַז דאָס דאַרף קאָסטן אַזאַ גרויסן פרייז, האָט ער געזאָגט: מיינע חסידים בעלי מלאכות שטייען איצט און האָרעווען שווער אויף דער פרנסה, טאָר איך מיר ניט דערלויבן אינמיטן וואָך טייערע פיש עסן, און האָט געהייסן צוריקשיקן דעם פויער מיט זיין פיש.

דער רבי האָט זייער פיל יתומים אויסגעהאַלטן אויף זיין חשבון און זיי אויך חתונה געמאַכט מיט נדן און מתנות. ער איז געווען דער פאָטער פון די יתומים.

מרדכי בירעס דערציילט וועגן אַ קראַנק קינד אין בערעזנע. די עלטערן זענען געלאָפן אין מיטן נאַכט צום רבין בעטן רחמים. דער רבי איז אַרויס פון צימער, זיי אַ זאָג געטון: וואָס טוט איר דאָ? אייער קינד בעט זיך וואַסער און איר שטייט דאָ! זענען די עלטערן געלאָפן אַהיים און געטראָפן דאָס קינד זיצן און שרייען אַ טרונק... דאָס קינד האָט זעט אויס דורכגעמאַכט דעם קריזיס. צומאָרגנס גייענדיק פון וואַסער, איז דער רבי פאַרביי געגאַנגען דאָס הויז זיך נאָכפרעגן אויפן קינד.

מען דערציילט, אַז רבי יוסעלע האָט געפילט אַז ער ווערט גערופן אויף דער ישיבה של מעלה. נאָך די ימים נוראים, אַז ער האָט זיך גענומען מאַכן די סוכה, האָט ער אַריינגעטון אין איר זיין גאַנצן כוח, זי שיין אויסגעפּוצט און די חסידים

האָט ער געזאָגט: איילט זיך ניט פאָרן אַהיים, ס'קען זיין עס וועט אייך נאכער באנק טון. נאָך סוכות איז ער נפטר געוואָרן, בנשיקת צדיקים.

די רביצין פירעלע איז געבליבן מיט איר בן יחיד רבי יצחקל. זי אַליין איז געווען רב אהרון צערנאָבעלערס אַ טאָכטער. דער סטאָלינער האָט ניט אַזוי חשק געהאט אַז מען זאָל רבי יצחקלען זעצן אַלס ממלא מקום אויפן פאָטערס שטול. איז די רביצן פירעלע מיט סמיכות פון רב אהרון טשערנאָבעלער, איר פאָטער, געפאָרן צום סטאָלינער רבין און אים אַזוי געזאָגט: האָסט דאָך אויך אַ בן יחיד... דער אלטער רב אשר האָט הערנדיק אַזעלכע דיבורים געגעבן זיין הסכמה און רבי יצחקל איז געוואָרן רבי.

## מיינע זכרונות פון געזעלשאפטליכן און קולטורעלן לעבן אין בערעזנע

(אונטער דער הערשאפט פון דער פוילישער רעגירונג פון יאר 1923 ביז 1941)

איבערגעגעבן פון מענדל טוטיון, חיפה

ביים אַריינקומען פון די פּאָליאַקן אין בערעזנע האָט זיך געעפנט אַ פּאָווּשעכנע שולע מיט זיבן קלאַסן. די מערהייט שילער זענען געווען יידישע. אַ זייער קליינע צאָל שילער זענען געווען פון פוילישע באאמטע און קינדער פון די מאזורן אין דער אַרומגעגנד. די לערער זענען געווען פּאָליאַקן. ערשט אין אַ צייט אַרום זענען צוגעקומען אַ פּאָר יידישע לערערינס. די שולע איז געווען אין אַ פּריוואט הויז ניט צוגעפּאסט פאר אַ שול, דאָך האָבן די יידישע עלטערן געשיקט זייערע קינדער אין דער פּאָווּשעכנע, ערשטנס ווייל עס זענען פריער קיין אַנדערע שולן (מאָדערנע) ניט געווען (און קען זיין אויך ווייל יידן האָבן ליב אַלץ וואָס פרעמד), אָבער דער עיקר ווייל עס איז געווען פריי פון אָפּצאָל.

קינדער פון רייכערע עלטערן האָבן נאָכן ענדיקן די שולע זיך געלאָזט אין גרעסערע שטעט שטודירן (וועגן יידישן חדר — באזונדער).

אין 1928 יאָר איז געגרינדעט געוואָרן אַ תלמוד תורה אויפן נאָמען „יבנה" פון זעקס קלאסן, אין וועלכער חוץ „יהדות" האָט מען אונטערריכט וועלטליכע לימודים. רייכע עלטערן האָבן געצאָלט שכר לימוד, אָרימע זענען געווען פריי פון צאָלן. די יידישע קהילה האָט דאן געשטיצט די תלמוד תורה, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. אויך די תרבות שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יענער צייט און די מערהייט עלטערן האָבן דאן געגעבן זייערע קינדער אין דער תרבות שול. אָרימע קינדער האָבן ניט געצאָלט קיין שכר לימוד, די איבעריקע האָבן געמוזט צאָלן. דערפאר איז די צאָל קינדער אין דער פוילישער שולע געווען פיל גרעסער ווי פון תרבות. די שולע איז געשטאנען אויף אַ הויכן

ניוואָ און די לימודים זענען געווען אין עברית, די פוילישע שפּראַך אַלס צווייטע שפּראַך. (אַן אוקראַינישע שולע, וואו נאָר אוקראַינישע קינדער האָבן געלערנט, האָט די רעגירונג איסגעהאַלטן אויף איר רעכנונג און יידן נאַטירלעך האָבן געצאָלט פּאַדאַטקעס...). אַלע יומטובים האָט די שולע תרבות געפּייערט; פאַר־שטעלונגען, פאַרווײַלונגען און אויספלוגן זענען געמאַכט געוואָרן און די תרבות שולע איז געוואָרן דער צענטער פון נאַציאָנאַל ציוניסטיש־קולטורעלן לעבן אין שטעטל.

די שולע האָט זיך שווער געמאַטערט פאַר איר עקזיסטענץ און אויך זיך גע־שלעפּט פון איין הויז אין צווייטן. נאָר אין די לעצטע פאַר מלחמה יאָרן מיט דער הילף פון אייניקע שטאַט בעליבתים און מיט דער הילף פון דער קהילה געקויפט אַ הויז און דער אַנפירונג איז פיל לייכטער געוואָרן איר עקזיסטענץ.

עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע פאָלקס שול, אין וועלכער קינדער פון לינק געשטימטע עלעמענטן האָבן דאָרטן געלערנט אונטער דער אַנפירונג פון אייניקע איבערגעגעבענע יידישיסטישע כלל טוער. די לערע איז נאַטירליך געווען אין יידיש. אַ פּריוואַטער גן ילדים, וואו ווייניק קינדער האָבן באַזוכט, צוליב דעם ווייל עס איז פּשוט געווען אַ מאַנגל אין געלט ביי פיל איינוואוינער. נאָר געציילטע משפחות האָבן אויך געהאַלטן גאָווערנאַנטקעס צו זייערע קינדער.

צוויי ביבליאָטעקן — א „תרבות״ ביבליאָטעק און א פּרץ־ביבליאָטעק, וואו די יוגנט האָט געשעפּט חכמה און וויסן.

יידישע אָרגאַניזאַציעס:

אַ געהיימע יידישיסטישע און בונדיסטישע אָרגאַניזאַציע (צווישן זיי פיל קאָמוניסטן). און פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס איז צו דערמאָנען: השומר הצעיר, „החלוץ״, „החלוץ הצעיר״, פּועלי ציון—צ.ס. און לינקע פּועלי ציון, רעווי־זיאָניסטן און צולעצט אויך מזרחי. אויסער דעם „התאחדות״ און „גורדוניה״. אַ טייל אַלגעמיינע ציוניסטן שלעכט אָרגאַניזירט. די חלוצישע באַוועגונג האָט אויך אין בערעזנע געשלאָגן טיפע וואָרצלען. צוערשט איז די יוגנד פון בערעזנע געפאָרן אין די נאָנטע קיבוצים און דאַן אויך אין גאַנץ פּוילן, וואו לאַנגע צייט מיט אויסדויער געאַרבייט און געוואַרט אויף אַ סערטיפיקאַט נאָך ארץ. פיל זענען זאַגאַר געזעסן עטלעכע יאָר ביזן עולה זיין. אָט אַזוי זענען פיל בערעזנער יוגנטליכע אַנגעקומען אין ארץ און גענומען אָנטייל אין אויפבוי, און אויך אויסגעמיטן דעם גורל פון דער מערהייט פון בערעזנער יידן... לעצטנס זענען אין בערעזנע אַליין געווען קיבוצים, וואו יוגנט פון איבעראַל זענען געקומען אַרבייטן מיטן צוועק צו עליה.

די געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט איז געווען זייער פאַרשפּרייט און ביי וואַלן צו דער קהילה אָדער אַנדערע אינסטיטוציעס, ציוניסטישע און אַנדערע, איז די שטימונג געווען אַ געהויבענע.

טעאטער אין בערעזנע:

צוויי אַמאַטאָרישע גרופּעס, איינע אַ ציוניסטישע און איינע פון פּרץ ביבליאָ־טעק, האָבן מיט גרויס פעהיקייט פאַרגעשטעלט יידישע און וועלטליכע פּיעסן, צו וועלכע יוגנט האָבן געשטראָמט מאַסנווייז. די פאַרשטעלונגען זענען פאַרגעקומען אין דער זאל פון דער פּרץ ביבליאָטעק און צומאָל פלעגן אַראָפּקומען פרעמדע אַרטיסטן פון אַנדערע שטעט ווי אויך אוקראַינער טרופּן און פאַרשטעלן פיל פּיעסן. די אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געשפּייזט פון די הכנסות וואָס זענען געווען גאַנץ היבש.

מיט דער איניציאַטיוו פון משה גאנדעלמאַן דעם אַפּטייקער, איז ביזן אַריינ־קומען פון די רוסן קיין בערעזנע פאַרגעקומען אייניקע מאָל אין וואָך קינאָ.

יידישע קהילה אין בערעזנע:

אין 29/28 יאָר איז געוויילט געוואָרן די יידישע קהילה לויטן פאָרם פון גאַנץ פּוילן אין יידן האָבן געצאָלט שטייערן ווער מיט גוטן ווילן און ווער מיט צוואַנג דורך דעם פּוילישן עקזעקוטאָר. דער פּוילישער מאַגיסטראַט האָט אונטערשטיצט די קהילה מיט אַ געוויסער סומע געלט איבערן יאָר. די קהילה האָט געשטיצט שולן, דעם בית מרחץ, בית זקנים און אַנדערע אינסטיטוציעס. דער רב פון דער קהילה איז געווען רבי אהרון באַראַז ז״ל, דעם דיינס איידעם, אַ זיידענער יונגערמאַן, ווי עס האָט געהייסן אין בערעזנע.

רבנים און שולן:

צוויי רבנישע דינאַסטיעס (אגב קרובים), די הויז פון רבי שמואלקע און דאַס הויז פון די צוויי ברודער רבי אהרעלע און רבי גדלצע ז״ל. יעדע פון זיי האָבן געהאַט זייערע חסידים. פּריילעך איז געווען אין שטעטל ווען עס איז פאַרגעקומען אַ רבנישע חתונה: פון פּריצס פּאַלוואַרק האָט מען זיך מיט כבוד באַצויגן צו די רבנים און ביי אַ חתונה האָבן זיי אַראָפּגעשיקט די שענסטע קאַרעטעס מיט פערד אָפּנעמען די מחותנים. פון דער סטאַנציע האָט מען געפירט די מחותנים מיט פּאַראַד, וואָו יידישע „קאָזאַקן" פאַרשטעלטע זענען געריטן אנטקעגן די מחותנים. די חתונות פלעגן זיך ציען פיל טעג און חסידים פון איבעראַל זענען זיך אויפגעע־קימען אנטייל נעמען אויף דער שמחה פון זייער רבין...

די רבנים זענען אַרויסגעפאָרן אייניקע מאָל אין יאָר אין די אַרומיקע שטעט־לעך, וואו זייערע חסידים האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף זייער רבין, וואו זיי האָבן געהאַט יעדער זייער שטיבל (סעלישטש, קליין און גרויס, מעזיריטש, האַשטש, קאָרעץ, קאַסטאָפּאָל סאַרנע, מאַלינסק. (וועגן בערעזנער שולן אין אַ צווייטן פּלאַץ).

מאַגיסטראַט און גמינע:

דער מאַגיסטראַט איז אָנגעפירט געוואָרן פון פּאָליאַקן, כאָטש די גאַנצע באַ־פעלקערונג פון בערעזנע איז געווען אַ יידישע. אָבער די יידן האָבן געצאָלט

שטייערן און יידישע אינסטיטוציעס זענען נאָר געשטיצט געוואָרן, אָבער ניט אויס־געהאַלטן געוואָרן. די גמינע האָט זיך נאָר פאַרנומען מיט די אָרומיקע דערפער. אין שטאָט איז אויך געווען אַ פּאָסט און אַלע באַאמטע, אפילו דער בריוו טרעגער אַ פּוילישער, און אַ געריכט, וואו איין יידישער באַאמטער האָט געאַרבייט.

קליינהענדלער און האַנדווערקער פאַריין:

די אויפגאַבע פון פאַריין איז געווען שיצן די מיטגלידער פון הויכע שטייערן און אויסגעהאַלטן זיך פון פאַרשידענע שטייערן (פאַר צעניקעס א.א.וו.) פון די סוחרים. די יידישע באַנק געגרינדעט מיטן צוועק צו פאַרלייכטערן דעם קליינ־הענדלער מיט קליינע הלוואות אין אַ שלעכטער צייט. יעדער סוחר האָט איינגעצאָלט אַ פּיי אַלס מיטגליד און אויך האָבן פאַרשידענע מענטשן געהאַלטן זייער ביסל געלט אין באַנק אויף קליינע פּראָצענט ווי געוויינטליך. מיט דער הילף פון אַ בערעזנער ייד פון אַמעריקע האָט זיך געגרינדעט אַ גמילות חסדים קאַסע פאַר קליינע הלוואות אָן פּראָצענט.

די יידן האָבן געלעבט פון האַנדל אויסטויש מיט די פּויערן (וועגן פּרנסות אין בערעזנע — באַזונדער). עס פלעגן פּאָרקומען יערידן יעדע וואָך אין אַ זונטאָג טאָג, וואו אויך יידן פון אַנדערע שטעט זענען זיך צוזאַמענגעקומען מאַכן האַנדל, אָבער עס זענען אויך געווען גרעסערע יערידים אין לענגערע צייטן. בערעזנער יידן זענען אויך געפאָרן אויף גרויסע יערידים אין אַנדערע שטעטלעך. עס זענען געווען אין בערעזנע קליינהענדלער און אייניקע הורטאַוויניקעס. דריי מילן און צוויי טאַרטאַקן זענען געווען אין בערעזנע אין יידישע הענט. לעצטע צייט איז איינגעשטאַנען פּויליש גרענעץ מיליטער, וועלכע האָבן געגעבן פּרנסה דער בערעזנער באַפעלקערונג.

די קאָמוניקאַציע צו דער סטאַנציע מאַקווין איז געווען מיט בעלי עגלות ביז 1928, ווען דער ערשטער אויטאָבוס איז געשטעלט געוואָרן אין ברעזנע און דאָס איז געווען אַ סענסאַציע. די קאָמוניקאַציע האָט זיך פאַרבעסערט, ווען מען האָט ברוקירט אַ שאָסיי צו דער סטאַנציע און פיל מער אויטאָבוסן זענען אָנגעקומען אין בערעזנע באַדינען די באַפעלקערונג.

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ זייער שיינעם אויסזען. גלייכע גאַסן ברוקירטע, אַ גרויסער רונדפאָרמיקער מאַרק ניט ברוקירט. לעצטע יאָרן זענען אויך די ניט ברוקירטע גאַסן ברוקירט געוואָרן און טראָטואַרן געלייגט און דאָס שטעטל האָט אַ גאָר אַנדער פּנים באַקומען. דער טייך סלוץ, לאַנג אויס דאָס שטעטל מיט אַ שיינעם בריק, די נאָענטע וועלדער, האָבן געגעבן דער יוגנט אַ מעגליכקייט פאַרברייטערן אויף דער פלאַזשע און אויספלוגן אין די וועלדער. ווינטער אויף קאַנקעס און שליטעלעך. ביים בערגל נעבן בית עולם זענען פאָרגעקומען פיל פאַרזאַמלונגען פון דער יוגנט.

שבועות האָט זיך יונג און אַלט אַ לאָז געטון אויפן טשעמערנא רייסן גרינס אויף שבועות. עלעקטרישע באַלייכטונג האָט צוגעגעבן דעם שטעטל אַ פריילעכן

אויסזען. ביזן לעצטן טאָג האָט די יידישע און ניט יידישע באַפעלקערונג זיך באַ־נוצט מיט ברונעם וואַסער, קוואַל וואַסער, וואָס האָט געהאַט אַ זייער גוטן געשמאַק. די פויערטעס האָבן געבראַכט די וואַסער אין צוויי עמער מיט אַ הילצערנעם בערע־מעסיל. די פּאָמפּע וואַסער נעבן באַד איז באַרימט געווען מיט איר ספּעציעלן געשמאַק פֿאַר טיי.

שריפה׳ס אין בערעזנע. כמעט יעדעס יאָר איז פאַרגעקומען אַ שריפה אין בערעזנע, אם מערסטן אונטערגעצינדן סיי פון בעלי מלאכות, וואָס האָבן נאָכער געהאַט זיכערע אַרבייט ביים צוריק אויפבויען, אָדער פון די פויערשע הייזער מיט די שטרויערנע דעכער. חוץ די אָפטע קליינע שריפה׳ס איז אין יאָר 1929 אָפּגע־ברענט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון בערעזנע און אין 1932 איז אַ דריטל בערעזנע אַראָפּ, אָבער מען האָט זיך נאָכער אויסגעבויט שיינע געמויערטע הייזער און בערעזנע האָט נאָך שענער אויסגעזען נאָך דעם אויפבוי.

## די רוסישע באַפרייאונג

אין 1939, ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכן קעגן פוילן, זענען פיל יוגנט אוועק אויפן פראָנט. זיבן פון זיי זענען געפאַלן אויפן פראָנט. אין אייניקע טעג אַרום האָט די פוילישע אַרמיי זיך געבראָכן און די רוסן האָבן פאַרנומען זאַפּאַדנע אוקראַינע, וואָס איז אין 1920 פאַרכאַפּט געוואָרן פון די פּאָליאַקן. דאָס לעבן אין בערעזנע איז איבער טאָג געענדערט געוואָרן. געשעפטן געשלאָסן און קאָאָפּעראַטיוון אויף זייער פּלאַץ. פיל אַנגעשטעלטע באַאַמטע. אַלע מוזן אַרבייטן... אַרטעלן האָבן זיך געשאַפן. יידן, אוקראַינער און פּאָליאַקן האָבן געאַרבייט צוזאַמען. אין יענער צייט וואו כ׳האָט געשמעקט קריג (די רוסן האָבן גערעט אָפן אַז אַ צוזאַמענשטויס צווישן זיי און דייטשלאַנד איז מעגליך...) האָבן זיך געשאַפן אָטשערעדן נאָך ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. פיל האָבן געאַרבייט ביים טאָרף — צום הייצן. פיל האָבן גע־גלויבט אַז דאָס איז אַן איבערגאַנגס־צייט. נאַטירלעך אַז אַ גרויסער טייל פון דער עלטערער באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן מיט קריטיק און אפילו מיט שנאה צום נייעם רעזשים (בעת פיל יוגנט זענען אַריין אין קאָמסאָמאָל — רעדאַקציע) און דערפאַר ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן אויף רוסלאַנד, האָבן פיל יידן זיך אָפּגעהאַלטן פון עוואַקוירן זיך קיין רוסלאַנד (זעט אויס, איבעראַל דאָס זעלבע — רעדאַקציע). פיל האָבן זיך געשראָקן פאַרן רוסישן סיסטעם און אפילו געגלויבט אַז רוסלאַנד וועט פאַרשפּילן דעם קריג (אפשר האָבן אפילו פיל געבעטן אויף דעם). פיל האָבן געהאָפט אַז דאָס פריערדיקע לעבן וועט זיך אומקערן (ניט געוואוסט נעביך וואו גוט איז...). די רוסן האָבן מאָביליזירט די יוגנט פון שטעטל בערך אַ הונדערט מאַן פון וועלכע די מערהייט האָט זיך אַזוי אַרום געראַטעוועט פון מערדערישן היטלעריזם. צווישן די בין איך געווען איינער וואָס האָב מיר דערשלאָגן קיין ארץ. דעם ערשטן גרוס האָב איך אָפּגענומען פון אַ פּאָר בערעזנער אין טיף רוסלאַנד און איך האָב ניט געגלויבט, וואָס מען האָט דערציילט, אָבער אין יאָר 1943 האָב איך געלעזן אין „פּראַוודאַ" וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטון אין וואָלין

און אַז 1200 קרבנות זענען געווען אין בערעזנע. אין דער אמתן זענען געווען כמעט דריי מאָל אַזויפיל קרבנות. אין 1945 יאָר האָב איך מיר באַגעגנט אין מאַקווין מיט די ערשטע בערעזנער. די וועגן זענען געווען אין סכנה פון די בענדעראָווצעס. צירקא אַכציק רעפּאַטריאַנטן האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג נאָך קאַטאָוויץ, פון דאָרט נאָך ביטום. פון דאָרט האָבן מיר זיך געלאָזט נאָך דייטשלאַנד, עסטרייך, אָבער מיר האָבן גיך פאַרלאָזט די זינדיקע דייטשלאַנד און אַוועק נאָך איטאַליע. אונזער ענדע ציל איז געווען אין ארץ. איצט זענען מיר אין אונזער אייגן לאַנד, צו וועלכן מיר האָבן געשטרעבט. לײדער זענען מיר געבליבן יחידים איינער פון אַ הויז, איינער פון אַ גאַנצע פאַמיליע. באַארבייט פון ד״ר ג. ב.

## בערעזנע פון 1918 ביזן אונטערגאַנג

### פון יונה צימערמאַן

בערעזנע, אַ שטעטל אין ראָוונער קרייז, ליגט לאַנג אויס דעם ברעג פון סלוץ, מיט אידע קנאַפּע פיר טויזנט איינוואוינער. קיין ספּעציעלע אינדוסטריע, איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער באַפעלקערונג געווען באַזירט אויף מסחר און מלאכה. נאַטירליכע רייכטימער איז צו באַטאַנען. וועלדער אין גרויסע שטחים און אייזן רודעס.

די רעוואָלוציע מאַכט אַן ענדע צום צאַרישן רעזשים און זיינע שליחים אין בערעזנע. דער ערשטער וועלט קריג האָט כמעט בערעזנע ניט אַנגערירט צו שלעכטן. נאָך דער רעוואָלוציע קומען אין שטאָט פאַרשיידענע באַנדעס. אין שטאָט אָרגאַניזירט זיך אַ סאַמאָאָבעראָנע, אָדער זעלבסט־שוץ, אָבער מיט וויייניק מוניציע און רויבערייען קומען פאָר פון צייט צו צייט אין שטעטל. פאַרן פאַרנעמען די שטאָט דורך די פּאָליאַקן, זענען די באָלשעוויקעס איינגעשטאַנען אין בערעזנע און זיך גאַנץ רוהיק אויפגעפירט. די מפּלה אין לוואוו האָט צוריקגעפירט די באָלשעוויקעס אויפן זעלבן וועג נאָך רוסלאַנד. בעת די פּערעסטרעלקעס האָבן די בערעזנער איינוואוינער געליטן אַביסל פון שרעק, אָבער דערמיט איז עס דורכגעגאַנגען. אָבער הונגער האָבן די יידן דורכגעמאַכט אין יענע צייטן ביז די פּאָליאַקן זענען דערשינען אין דער געגנט און דאס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי אָרגאַניזירן. קיין גרויסע סימפּאַטיע פון די פּוילישע גאַלערטשיקעס צו די יידן האָט מען ניט געזען, אומגעקערט, פון צייט צו צייט האָט מען אַ כאַפּ געטאָן אַ ייד און אָפּגעקערצט די באָרד, אָנגעקלאַפּט אַ פּאָר יוגנטליכע. אָבער די צייט האָט אירס געטון. דער גרענעץ אָפּמאַך מיט רוסלאַנד האָט געבראַכט אַ סטאַביליזאַציע. די פּויערן הויבן אָן באַארבייטן די פעלדער, די יידן ברייינגען סחורות אין מאַרק, עס באַווייזן זיך שפּייזן. עס ענטוויקלט זיך אויך אַ שמוגל איבער דער סאָוויעטישער גרענעץ וואָס איז זייער נאָנט. דער וואַלד מסחר אַנטוויקלט זיך זייער, פיל יידן וואַרפן זיך אויף האָלץ האַנדל, אָנגעשטעלטע, בראַקערס, די פּויערן פאַרדינען גוט און געבן צו לייזן די קרעמער און יידן מאַכן פּרנסה.

## די פאלקס באנק גרינדעט זיך

די פוילישע מאכט עפנט אַ פּאָלקס שול, וואו אַ גרויסע טייל יוגנט באקומט דערציאונג אין דער שולע. אָבער אַ גרויסער טייל ווידער, מער פארמעגליכע שיקט די קינדער אין תרבות שול. די יוגנט באקומט אַ נאַציאָנאלע דערציאונג הן אין תרבות שול הן אין די ציוניסטישע קאָנספּיראטיווע גרופּן. אין אַ צייט אַרום געלינגט לעגאליזירן די ציוניסטישע באוועגונג אין פוילן און די ציוניסטישע אַרבייט אין בערעזנע אין אירע פארשיידענע פארטייען נעמט אָן גרויסע פּאַרמאטן. אויך אַ בונדיסטישע גרופּע שאפט זיך און נעבן זיי אַ קליינע קאָמוניסטיש קאָנספּיראַטיווע גרופּע. די לינקע עפנען אַ פּרץ ביבליאָטעק וועלכע אונטער דער פירערשאַפט פון פנחוסאוויץ און פייגע ליבערזאָן פארשפּרייט זיך און די זאַל ווערט פול פון ביכער פון אַלע יידישע קלאסיקער און די בעסטע וועלט ליטעראַטור אין יידישער איבער־זעצונג. אַ לעזע זאַל אָפן יעדן אָוונט. דאָס זעלבע אין אַ קלענערן פּאַרמאַט גרינדן די ציוניסטן אַ תרבות ביבליאָטעק און מיט דער איניציאַטיוו פון אונזער חבר נפתלי ביגיל, היינט דאָקטאָר ביגיל, עפנט זיך אַ לעזע זאַל, וואו עס קומען אויך פּאָר פאַר־טראגן אויף פארשיידענע ציוניסטישע טעמעס.

פארשיידענע טעאטער טרופּן קומען אַראָפּ אין בערעזנע, אַזוי שאַרסקיס, טרעלסקיס און דער ווילנער גאַסטראָלער טעאַטער און פארשיידענע אוקראַאינישע טרופּעס. די יוגנט פארוויילט זיך מיט ספּאָרט ווי פוטבאָל, קאנקעס און לעצטנס אויך סקי. מען באָדט זיך אין סלוץ, מען שיפט זיך אָפט און אָט אזוי ציט מען אַ זאָרג־לאָזעס לעבן. אין אַ צייט אַרום, מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער שטיצע, פאנגט זיך אָן אַ הילפס אַקציע פאַר אָרימע, עס גרינדעט זיך אַ יתומים קאָמיטעט, וואו די רביצן פייגעלע פעצעניק (רב אהרעלעס ווייב) נעמט אָן אַקטיוון אנטייל. אַן אָרט שולע גרינדעט זיך און פירט אַ טעטיגקייט מיט גרויס דערפּאָלג. אָבער די ציוניס־טישע דערציאונג האָט אָנגעהויבן געבן רעזולטאַטן: פיל יוגנטליכע האָבן זיך גע־ריסן אין דער גרויסער וועלט, אָבער קיינע גרויסע מעגליכקייטן האָבן ניט אַלע געהאַט. און אָט האָבן פילע יוגנטליכע זיך אַ לאָז געטון אין קיבוצים און געוואַרט אויף סערטיפיקאַטן. ווידער אַ טייל יוגנטליכע, אַזוי געוויסע לינקע, דיינקן וועגן אויסבעסערן זייער עקזיסטענץ קעמפנדיק פאַר אַ נייער אָרדנונג אויפן פּלאַץ.

ווי אַלע שטעטעלעך אין יענער געגנט, קליין־געמויערטע אָדער הילצערנע הייזער, מיט שינדלען אַלס דאַך אָדער בלעכענע (אַ סגולה קעגן שריפות). אַ הויפּט גאס געברוקירט, דאָן אַנדערע שמאָלערע גאַסן מיט הילצערנע טראָטואַרן, די גאס ניט ברוקירט. אַ גרויסער כמעט רונדיקער מאַרק מיט קלייטן, און אין דער זייט אַ גרויסער קלויסטער (קאשצ׳יאל) און אין ביידע עקן שטאָט צוויי פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס. יעדן טאָג קומען פויערן אין מאַרק פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן ווי תבואה, פעל, חזיר האָר, גריבעס, האָלץ, עופות און פאַר דעם באַקומען געלט אָדער פאַרשיידענע סחורות וואָס דער פויער האָט נויטיק. איינמאָל אין וואָך פלעגט פאָרקומען אַ יריד און איינמאָל אין יאָר פלעגט פאָרקומען אַ גרויסער יריד, און די בעציאונגען זענען געווען גאַנץ נאָרמאַלע, מען קען אפילו זאָגן גוטע. יעדער

איינוואוינער האָט זיך געהאַט זיין שול אָדער בית כנסת און זיין רבין. סוחרים האָבן געוואוינט אין אַלע גאַסן, ווידער בעלי מלאכות זענען געווען אָממערסטן קאָנצענטרירט אין די ליפקעס. פרייטיק פאַר ליכט בענטשן פלעג רבי לוזיע דער שוחט גיין אין די הויפּט מסחר גאַסן און מאַרק און שרייען: פאַרמאַכט די קלייטן! און די יידן האָבן זיך דערמאָנט אין שבת און גלייך פאַרמאַכט די קלייטן. אין דער „נידער" האָט געוואוינט די אָרימקייט פון ברעזינע. דאָרט איז געווען די באָד און דער „הקדש" ווי אויך דאָס שעכט־הויז.

שבת אין ברעזינע — אַלץ צו און די יידן זענען אַלע אין די שולן, די חסידים אין די רבנישע בתי מדרשים. שבת גיין אויף קידוש צום רבין. אַנדערע שלאָפן בייטאָג און אַרום דריי אַזייגער אַז דער קוגל איז גוט פאַרדייעט געווען, איז מען אַראָפּ אין אַלטן בית המדרש הערן אַ גוט וואָרט פון אַ בעל דרשער... די רבנים זענען געווען ווי מלכים אין ברעזינע. אַ חתונה ביים רבינס טאָכטער איז פאַרגע־קומען מיטן פולן קנאַק. צוויי וואָכן האָט זיך געצויגן די שמחה. אַ וועלט מיט רבנים זענען אַראָפּגעקומען אין ברעזינע און פיל חסידים פון שטעט און שטעטלעך. גאַנץ ברעזינע האָט געטאַנצט און אַנטייל גענומען אין דער שמחה. אַ חברה קדישא מיט רבי יהודה פּאָלישוק און יצחק יוסלס. כבוד המת איז געווען אין ברעזינע פון די ערשטע מצוות. די „מיטה" אין פאַרשוואונדן און אויף איר פּלאַץ קומט אַ שוואַרצער קאַסטן מיט אַ שוואַרצן צודעק מיט א מגן דויד.

אָן אַ צימעניש איז שווער געווען זיך פרעגן אויף עמיצן. די איזבאַרטשיכע, פּאַלאַניק, קייסער, גראַף און אַנדערע צימענישן ווי זאַווערוכע, אָט אַזעלכע קען יעדעס קליין קינד אין ברעזינע. אָן אַ צימעניש, טאַפּט מען אַ וואַנט. אויך אירע משוגעים האָט ברעזינע געהאַט. משהלע, נוניע, מיט זייער שוואַכקייט זינגען האָבן שטענדיק געבראַכט הומאָר אין שטעטל. ימים טובים זענען אין ברעזינע דורכגעפירט געוואָרן לויט די יידישע טראַדיציעס. פורים מיט די שלח מנות, המן־טאַש און אין שול צוגעקלאַפּט המנען מיט גראַגער און האַמער. דער רבי ז"ל פלעג צום סוף ביים ויבוא המן צוקלאַפּן מיטן פוס אַז אַלע האָבן געהערט. אין 1938 פאַנגט אָן די פּוילישע רעגירונג וואָס האָט קיין גרויס ליבע צו די מינדער־הייטן קיינמאָל ניט געהאַט, דרוקן די יידן מיט שווערע שטייערן, מאַכט ליצי־טאַציעס פון יידיש גוטס, נעמט מיט כּוח געלט פון די שופלאַדן פאַר שטייערן, וואָס די סוחרים האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן.

און אָט הויבט אָן די רעגירונג בויען פאָרטיפיקאַציעס אין דער געגנט פון ברעזינע קעגן „רוסישן שונא" און דער מסחר ווערט פאַראַליזירט, ווייל יענע געגנט ווערט גערעכנט אַלס מיליטער זאָנע און דערלויבנישן באַקומט מען ניט אין דער געגנט אַרומפאָרן. די וואָס לעבן פון דעם מסחר מיט דער אַרומגעגנט גייען אונטער. אַלץ ווערט פאַרדעכטיק אין שפּיאָנאַזש. אָבער דער קריג קומט פון מעריב, פון דייטשלאַנד. מאָביליזאַציע. יידן פאַרגעסן פרנסה צרות. היטלער שפּאַנט אויף פּוילן. ברעזינע ווערט באָמבאַרדירט, אַ פערטל פון ברעזינע גייט אַוועק מיטן פייער צוזאַמען מיט די הייזער, אויך גוטס, און מען דאַנקט גאָט אַז מען ראַטעוועט דאָס

לעבן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן הערט מען אין ראַדיאָ אַז די פּוילישע אַרמיי איז גענצליך צושלאָגן און די רוסן מאַרשירן אין זאַפּאַדנע אוקראַינע. מען זעט אַ שטיקל האָפענונג. אַבי ניט היטלער... און אין אַ ניין טעג אַרום איז די רוסישע אַרמיי אַריין קיין בערעזנע. די אוקראַינצעס וואָס האָבן שוין געריסן די הענט פאַר שמחה, דער דייטש וועט קומען און זיי וועלן אַ סוף מאַכן צום ביסל יידן, ווערט קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, אָבער עס העלפט זיי ניט. די רוסן און ניט היטלער זענען אין בערעזנע.

## די סאָוויעט מאַכט אין בערעזנע

צוערשט שאַפן זיך קאָאָפּעראַטיוון און אויך סוחרים ווערן באַשעפטיקט. עס גרינדן זיך פאָלקס שולן, אַ קאָמסאָמאָל. די יוגנטליכע וואָס זענען לינקס געשטימט, לעבן אויף און אויך קעגנער געוואוינען זיך צו לאַנגזאַם צום רעזשים. אין צוויי יאָר האָט זיך דאָס שטעטל אַזוי צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן, און באַאַמטע האָבן געזאָגט, אַז די באַפעלקערונג האָט געכאַפּט דעם שניט. מען האָט אָנגעהויבן פאַר־געסן, אַז עס איז געווען אַנדערש. עס איז געווען אַרבייט פאַר יעדן, אַפילו פאַר ליידיקגייער און אַלטע. פריי לעבנס מיטל אָן קאַרטן. אָט אַזוי האָט זיך דאָס ביסל בערעזנער יידן אויסגעלעבט ביזן טרויעריקן גורל פון 1941.

די דייטשן דערקלערן קריג רוסלאַנד — אָט די פינסטערע ידיעה האָט דער־שלאָגן דער יידישער באַפעלקערונג. די גרויסע טייל יידן, צוגעבונדן צום ביסל אָרימקייט, האָלט ניט פאַרלאָזן די שטאָט און נאָר אַ קלענער טייל פון שטאָט אַנט־לויפט וואו מען קען. די אוקראַינער ווערן חוצפּהדיק, פאַנגן אָן סטראַשן די יידן מיט נקמה און דאָך זיצט מען אויף די ערטער... די רוסן פאַרלאָזן די שטאָט און די יידן ווי תמיד פאַרשליסן זיך אין די הייזער און מען וואַרט ביז די רוצחישע אַרמיי קומט אַריין אין בערעזנע. די אוקראַינער נעמען אויף ענטוזיאַסטיש די אַרמיי מיט אַ טריומפאַלענעם טויער און פענער. כאַלאַדקאָווסקי, דער אוקראַינישער אַד־וואָקאַט, ווערט דער אוקראַינער פירער און העצער קעגן די יידן. זיי קלערן נאָר וועגן ראַבירן די יידן און זייו פאַרניכטן.

## ערשטע באַפעלן קעגן יידן

די יידן איז פאַרבאָטן צו גיין אויף די טראָטואַרן, פאַר איבערגיין אויף אַזאַ באַפעל קריגט מען געשלאָגן ביז פאַלן אָנמעכטיק. עס שאַפט זיך אַן אוקראַינישע פּאָליציי מיט אַן אופראַווע. מען פאַנגט אָן שלעפּן אויף אַרבייט, צוערשט רייניקן די גאַסן און ווער עס האָט ניט מיט וואָס, הייסט מען רייניקן מיט די הענט אָדער מיט די קליידער. וואָס נאָכער האָט פּאַסירט, האָב איך מיר דערוואוסט ביי דוד רעכט, ליזע און סאָניע קלייט, מ. גאָלדבערג. אין עסטרייך האָט צימערמאַן זיך באַגעגנט מיט כאַווערסן פּ. און מיט יוסף פישמאַן און אָט וואָס זיי האָבן איבער־געגעבן: דאָס שלעפּן אויף אַרבייט דורך די אוקראַינער איז פאַרגעקומען מיט חוזק און שפּאָט. די אמתע בעלי בתים פון שטאָט זענען דאַן געווען די דייטשן.

איין טאג האָט מען באפוילן ברענגען די פאָרשטייער פון די יידן. די אוקראינער ברענגען פאָלגענדע פערזאָנען אַלס פאָרשטייער: פיניע כאוועס (געשטאָרבן אין ישראל), לייבל טארטשין, ש. שפירא און נאָך איינעקע, ווי יואל גילבערג. דער אַמט איז געווען ביי יחיאל שוחט אין הויז אויף קאָמיסארסקע גאס. מען מעלדעט זיי: די יידן מוזן זאמלען אַ גרויסע סומע געלט און פוטערס, ווען ניט ווערט אַלץ אויסגעשאָסן. אַלס אָנפאנג באפעלט מען יעדן אָפּציילן פינף און צוואנציק שמיץ אויפן פלאץ. נאכער ווערן אַלע מיט אַרונטערגעלאָזענע הויזן אַרויסגעשמיצט אין דרויסן, וואו די אוקראינער ווארטן אָפּ און לאכן אויס מיט פרעכהייט די יידן. די חרפה איז געווען גרעסער ווי דער ווייטיק און מען האָט זיך גענומען קלייבן געלט ביי דער יידישער באפעלקערונג. דאס געלט איז צוזאמענגענומען געוואָרן און צו דער צייט אָפּגעגעבן געוואָרן דעם דייטשן רויבער־מערדער. דאס אָנשרעקן אייניקע יידן פון דער באפעלקערונג האָט געהאט אויך אַ ציל (ד״ר ג.ב.), נעמליך: שאַפן אַ יודן־ראַט, וועלכער זאָל פארלייכטערן דעם דייטש די אַרבייט פון אויספרעסן געלט, צושטעלן יידן אויף אַרבייט, העלפן שאפן דעם געטאָ און אַזוי אַרום פארשלעפערן דאָס ביסל יידן ביזן אויסראָטן לחלוטין. כדי צו פארניכטן מוז מען פריער פארמאטערן און צו דעם צוועק מאכט דער דייטש (ווי אין גאנץ פוילן) דעם פלאן מיט דייטשער פינקטליכקייט: כדי דער פלאן זאָל פינקטליך אין גלענצענד געלונגען, מוז מען האָבן די יידן אַליין צו הילף. און אַזוי שאפט מען אַ יידן־ראט מיט יידישע מיליץ און מיט דער הילף פון די צוויי אינסטאנצן ברענגען די יידן צו רואין און אויסשעפונג. דער יידן ראט גרייט צו גענויע רשימות פון דער יידישער באפעלקערונג, לויט געבורט און געזונט, פעהיגקייט, ספעציאַליטעט, פארמעגליכע און אָרימע און אַזוי אַרום ווערט קלאר פאר די דייטשן דער יידישער כוח. יעדן טאָג קומען אַנדערע פאָדערונגען דורכן יידן ראט צו דער יידישער באפעלקערונג, אַרבייטס מענטשן און גוטס. הונדערטער מענטשן ווערן געפייניקט דורך די אוקראינער פון פינצטער ביז פינצטער ביי בויען אַ באַן ליניע בערעזנע—מאקווין און עסן טעגליך אַ קליין שטיקל ברויט פון הונדערט גראם מיט אַ ביסל זופע. עס גייען צו דער אַרבייט מענער און פרויען. די רייכערע קויפן זיך אויס פאר געלט, אַ טייל גייען אַריין אין דער מיליץ און ווערן אַזוי אַרום מיוחסים. דער יידן־ראט אין באשטאנד פון יואל גילבערג אַלס פרעזעס, פיניע כאוועס און שמחה׳לה שאפירא (לייזער בעל טאַקסעס אַ זון — דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון בוימעלע), מיכל חאמוט, מאָטל חאמוטס זון, אויך אים האָט מען אַריינגעצויגן אין דער גרופּע „פירערס" פון יידישן בערעזנע...

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אַ נעם געטון אַ גרופּע יוגנטליכע צום רייניקן די קלאָזעטן ביי די פויערן... די אַרבייט האָט מען געדארפט מאכן מיט די הענט. דאס ערשטע פלאץ איז געווען ביים גלח. דוד שפירא, וואָס האָט געפּרובירט זיך קעגנשטעלן, ווערט אַריינגעוואָרפן אין גרוב און מערדערליך געשלאָגן. דערנידריקט, צובראָכן פון אַזאַ אַרבייט ווערן זיי אין אָוונט באפרייט.

פיל רייכע יידן, געראָפן טיכטיקע אַרבייטער, זענען אויסן דעם געטאָ. אָבער די מערהייט ווערן אַריינגעשטופּט אין געטאָ, אַרומגעצוימט מיט שטעכל דראָט. בעוואַכט דורך יידיש?־אוקראַיניש ווייסרוסיש מיליץ. עס הויבט זיך אָן די סיסטע־מאַטישע אויסשעפּונג פון ביסל יידן. מען טאָר ניט שלאָפן ביי פאַרמאַכטע טירן. די אָנפיר־גרופּע מיט דער פּאָליציי האָבן אַ לייכטער לעבן, ווידער די איבריקע גייען לאַנגזאַם צו גרונט. פאַר ניט אויספילן געבוי די באַפעלן ווערט מען מערדער־ליך צושלאָגן. עס באַווייזן זיך קראַנקע פון הונגער, טיפוס און אַנדערע קריינק. דעם רבינס הויז וואָס זאָל הייסן „שפּיטאָל" ווערט פול פון קראַנקע וואָס ענדיקן דאָרט פון שמוץ, הונגער און מאַנגל אין פלעגע.

דער ערשטער קרבן: הערשל יוז איז געווען אין דרויסן מיט זיין קליינעם זון באַמיענדיק באַקומען שפּייז פאַרן קינד. אַ דייטש האָט אים באַגעגנט און געשאָסן אויפן אָרט. אין דער זעלבער צייט ווערן געשאָסן א. שפּירא, פייגע גאַרדאַן און מ׳ ראַבוי, ערשטע קרבנות פאַר דער הויפּט שחיטה. אַ שרעק פאַלט אָן אויף די אַזוי צוזאָגן „לעבעדיקע". מען הערט אַז אין אַנדערע שטעט קומען פאָר אַקציעס, אָבער מען האָפט, אַז אפשר וועט בערעזנע זיך אַרויסרייסן פון די אַקציעס. מען טרייבט די יוגנט קיין קאַסטאָפּאָל אויף צוואַנגס־ארבייט, און אויך אַ טייל צום באַגראָבן די ראָוונער הרוגים. זיי ברייגען די טרויעריקע נייעס פון דאָרט, די אַטמאָספער ווערט אַ געדריקטע און יעדער פרעגט זיך: און וואָס ווייטער? וואָס טון? די משפחה קופערשטיין פּרובירט אַנטלויפן פון בערעזנע, אָבער נעבן זירנע כאַפּט מען זיי, מען באַרויבט און פאַרגעוואַלדיקט און דאַן אָפּגעהאַקט מערדעריש די קעפּ. דער פאַל האָט אָפּגעשלאָגן דעם מוט און אַזוי ווי עס איז ניט געווען דער מענטש צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינע רעטונגס־אַקציע אין מאַסן, איז יעדער גע־בליבן אויפן פּלאַץ וואַרטנדיק אויפן טרויעריקן סוף און אפשר אויף אַ נס... אָט ברייגגט מען פון די דערפער איינצעלנע יידן אין געטאָ. מען דערוויסט זיך דאָך וועגן דעם אַז דער אויסראָטונגס־טאָג דערנענטערט זיך. אייניקע גרייטן סעקרעטנע ביונקערס און אַ קליינע טייל הויבט אָן אַנטלויפן אין די וועלדער אין דער אַרומ־געגנט. און דער טרויעריקער טאָג איז אָנגעקומען. י״ב אלול פאַרטרייבט מען אַלע יידן אויפן בית הקברות, מען שלאָגט זיי מערדערליך, מען נעמט אַרונטער אַלע קליידער און מען טויטעט מערדערליך אויס די גרעסטע טייל. אַ צווייטן טייל ענדיקט מען צומאָרגנס. ברכה שמוקלער ראַטעוועט זיך אויף אַ גליקליכן אופן שוין פונם גרוב (דערציילט באַזונדער). די געסטאַפּאָ פירט אָן מיט דער אַקציע, צווישן זיי איין פּרוי. די אוקראַיינישע באַפעלקערונג קוקט צו אין אַ זייט קאַלט־בלוטיק צום שוידערליכן מאַסן מאָרד. די ציין־דאָקטאָרין רעזניק ווערט באַפרייט דורך דער אוקראַינישער מיליץ און אָט וואָס זי דערציילט: זיצנדיק מיט אַלעמען קומט אָן אוקראַינער צו איר און זאָגט איר: ראַטעווע זיך! אַלע אַנדערע לאָזן איר דורך און מאַכן זיך ניט זעענדיק. דאַן לויפט זי צו אירע גויאישע פריינט אין שפּיטאָל. זיי זענען ערשטוינט זי זען לעבעדיק און מיינען, אַז די דייטשע געסטאַפּאָ

האָט זי אַרויסגעלאָזט און נעמען זי פּריינטליך אויף, אָבער נאָכער ווילן זיי פון איר פּטור ווערן. דאָקטאָר פּיוואָנסקי לייגט איר פאָר מאכן אַן איינשפּריץ ווי ער האָט געמאכט דעם יידישן דאָקטאָר. אין דעם מאָמענט קומט נאָך אַ גוי, טוועד און זאָגט, ער נעמט איר אין וויטקאָוויץ צו זיך. ער טוט איר אָן ווי אַ גויע און ברייגנט איר אין דאָרף. פון דאָרט ווערט זי אַריינגעצויגן אין דער פּאַרטיזאַנקע. די אוק־ראַינער האָבן זיך נאָך דעם מאסן מאָרד געוואָרפן אויפן יידיש האב און גוטס און געפינענדיק אַ ביסל געראַטעוועטע יידן, מאָרדן זיי זיי אויס. אַ טייל פון די געראַטעוועטע לאָזן זיך אין וואלד און אין אַ צייט אַרום טרעפן זיי די פּאַרטיזאַנער און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם קלייבן זיך אַלע געראַטעוועטע בערעזנער און פון אַנדערע שטעטלעך פון דער געגנט אַרום די פּאַרטיזאַנר. אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט דער קאַפּיטל בערעזנע און אירע יידן. ערע דעם אנדיינקן זייערן. צו שאַנד און שפּאָט די דייטשע און אוקראַינישע רוצחים אויף דורי דורות.

## זכרונות פון א. סלעפּוי

איך געדיינק ווען איך בין צום ערשטן מאָל אין חדר געווען ביי רב משה מארימס. געצאָלט האָבן מיר שכר לימוד פאַר אַ גאַנצן זמן, ביז פּסח, מיט תבואה.

דער רבי איז געווען אַ קליין יידל מיט אַ שיטער בערדל, האָט גערעט שנעל און געהאַט אַ געוואוינהייט זאָגן יעדעס מאָל „זאָג זשע" און צוגעבן אַ שטופּ אין זייט אפילו דעם תלמיד וואָס האָט גאַנץ גוט געזאָגט עברי. דאַן בין איך אַריבער צו רבי משה יוסל׳ס, דאָרט האָט מען שוין אויך געלערנט אַ שטיקל חומש (אַזאַ מין חדר איז אויך געווען ביי רב יענקל עטעלעס). דער רבי האָט געהאַט ביי זיך אַ קאַנטשיק (כמעט אַלע מלמדים אין יענער צייט האָבן געהאלטן אַ קאַנטשיק), און ווער עס האָט זיך פאַרשולדיקט אין עפּעס, האָט באַקומען מיטן קאַנטשיק. אַ חוץ דעם לערנען האָב איך ליב געהאַט זיך צוקוקן אין דער בוכבינדעריי נעבן חדר גאַנצע שטונדן. מיין ווייטערער שריט איז געווען ביי קלמן דעם מלמד. ער איז געווען זייער שטרענג צו די תלמידים. דאָרטן זענען געווען פון צען יעריקע ביז בחורים־חתנים. דאָרטן איז געווען אַ לערער פון עברית, לעצטנס דוד גלעזער. אַ העכערער סאָרט חדר איז געווען ביי רב מאיר איצעלעס. דאָרטן האָבן געלערנט פיל תלמידים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן דאָרטן געגעסן און אויך גע־שלאָפן. איך געדיינק די „מלחמות" מיט שטיינער צווישן אונזערע חברה מיט דעם חדר פון דער נייער תלמיד תורה, אויפן טשעמערנא. עס זענען געווען נאָך אין בערעזנע רב הערשיל ברב לייבישקעס אַ גמרא מלמד און רבי משה מרדכי, דער גרעסטער גמרא מלמד, אַ גרויסער לערנער און מתנגד. איך האָב נאָך געלערנט עברית ביי בירל פּאַמעראַניעץ און ביים ווילנער לערער פיינזילבער. כ׳געדיינק דאַן די צייט פון דער פּוילישער שולע, די דערמאָרדונג פון דירעקטאָר וואָלף, וואָס האָט אויפגעקאָכט און אויפגערודערט דאָס שטעטל. די פאַראָרדנונג לערנען אום שבת און קיין פּראָטעסט האָט ניט געהאָלפן. אָט זענען די שול־יאָרן אַריבער און ס׳הויבן זיך אָן אַרבייטס־צייט.

אַט איז קאַסרילעווקע גאַס פון לויטער שניידער און שוסטער און פיל קינדער אין די גאַסן. די גאַס איז אָפּגעבערענט געוואָרן אין אַ צייט אַרום און באַלד האָט מען טאַקע אויסגעבויעט נייע הייזער, שענערע און ריינערע.

1939 איז אָנגעקומען! אַט מאַרשירט די יידישע יוגנט אין מיליטער און איך באַגלייט זיי און מוטערס וויינען ביטער נאָך די קינדער, וואָס גייען אין שלאַכט: ווען מיר זיך נאָך ווען עס איז זעהן?! די דייטשן באָמבאַרדירן בערעזנע דעם צווייטן טאָג ראש השנה! די שטאָט ברענט! אַט קומען די רוסן און מען שיקט פיל אוקראַינער און פּאָליאַקן און צווישן זיי צווי יידן נאָך סיביר... אייניקע יוגנדליכע וואַנדערן טיף אין רוסלאַנד אויף אַרבייט. נאָר דאַן האָט מען געוואוסט פון אַ היים אַ יידישע וואַרימע היים. אָבער אַט רוקן זיך אָן די כמארעס. היטלער באַפאַלט רוסלאַנד און מאַכט אַ סוף צו דער יידישער היים, צו דער יידישער בערעזנע, צו דעם פריילעכן יידישן לעבן און אַלע שפּורן פאַרווישט. ס'זענען געבליבן דריי פאַר־צוימ'טע גרובער וואו די בערעזנער יידן האָבן געפונען זייער אייביקע רוה. די גרובער זאָגן עדות פון מערדערישן היטלער דייטשלאַנד, די גרובער זענען אַ שאַנד־פלעק פאַר די רוצחים. איבער פיר טויזנט נפשות זענען טיף באַהאַלטן און שרייען נקמה! נקמה! נקמה!

## פון דא און דארט

דער אוקראַינעץ צערניק האָט מכבד געווען אַזאַרובן מיט יענע קלעפּ... אַז די רוסן זענען אַריין צוריק קיין בערעזנע, האָט אים די נ.ק.וו.ד. באַצאָלט מיט איר שטראָף — טויט שטראָף.

יהושע זוסמאַן איז געהרגעט געוואָרן דורך די אוקראַינער באַלד מיט דעם דייטשן אַריינקום אין בערעזנע, זעט אויס כדי פאַרמיידן די אָרגאַניזירונג פון בערעזנער יידנטום. די פויערן האָבן מורא געהאַט פאַר זוסמאַנען פאַר זיין כוח און מוט.

צו צוואַנגס־אַרבייט האָט דער יידנראַט אָממערסטן געשיקט די אָרימע... די רייכע האָבן געגעבן כופר דעם יידנראַט. אַזוי האָט מען געבראַכט פינף הונדערט יידן נאָך מאַקווין אויף אַרבייט אין פאַבריק. דער אוקראַינעץ פאַכראַדילא, וואָס האָט כמעט אַלע יידן פון בערעזנע געקענט, האָט געפרעגט: און וואו איז דער און דער, אַזוי האָט ער אויסגערעכנט פיל רייכע זינדלעך פון די בערעזנער און אַ זאָג געטון: ביי די רוסן האָבן זיי ניט געאַרבייט, ביי די פּאָליאַקן ניט. איצט ווען זיי קומען צו מיר און אַרבייטן. איר וועט גיין זיך אויסרוהען. שיקט מיר כאַמוטן א.א.וו.

ישעיה בעבצוק, אַ יידישער פּאָליציאַנט, איז געלונגען אַנטלויפן אין וואַלד. אָבער די רויטע אַרמיי האָט אים דערווישט און געטויט.

צוזאַמען מיט ישעיה בעבצוק האָט איסר גאַנדעלמאַן געשלעפּט אויף אַרבייט פאַליק בערמאַן מיט זיין פרוי. זיי האָבן אויך באַקומען געשלאָגן דורך די צווי יידישע פּאָליציאַנטן.

צווי הונדערט יידן האָט מען פאַרשיקט נאָך קאַסטאָפּאָל אויף אַרבייט מיט דער באַגלייטונג פון דער יידישער פּאָליציי. (דאָס גיין נאָך קאַסטאָפּאָל האָט געהייסן גלייך צו דער שחיטה.)

מאיר קיילער האָט געשלאָגן ליובא סאַפּאָזשניק אויף אַן אמת. זי האָט געוואָלט איבערגעבן אַ האַלב לעבל ברויט איר פאָטער ניסן סאַפּאָזשניק ז״ל און איר ברודער, ווען מען האָט זיי געשיקט אויף אַרבייט.

אין זירנע האָבן די יידן געאַרבייט ביי טאָרף. דאָס איז אַ קאַטאָרזשנע אַרבייט. יאָכע ביגיל (היינט שטרום) איז קראַנק געוואָרן און האָט געהאַט ביז פערציק גראַד פיבער. מען האָט פאַרלאַנגט אָבער, זי זאָל אַרויס צו דער אַרבייט. די יידישע פּאָליציי לויטן באַפעל פון מאיר קיילער זענען געקומען און מען האָט זי געשלעפּט צו דער אַרבייט. ליובע סאַפּאָזשניקס ערשטער מאַן, וואָס האָט געאַרבייט אַלס אינ־זשענער און האָט געהאַט אַ השפעה אויפן דייטשן קאָמאַנדאַנט, האָט אַרויסבאַקומען אַ פריי צעטל פאַר איר.

פיל משפחות האָבן געפילט אַז די שחיטה איז נאָענט און מען האָט זיך געמאַכט באַהעלטענישן וואו נאָר מעגליך און איינע פון אַזעלכע באַהעלטענישן איז געווען ביי גלעזערן אין הויז. דאָרט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן סאַפּאָזשניקס משפחה, קלמן האַנדעלמאַן און אַנדערע.

זאב פישמאַן דערציילט: גייענדיק קיין מאַקווין האָט ער באַגעגנט די בילינ־קעס. אין דאָרף האָט זי באַגעגנט אַן אוקראַאינער, אַ פּאָליציאַנט, פאַרפירט אין אַ זייט די מיידעלעך, געשאָסן איינע פון זיי אויף טויט און געהייסן די שוועסטער זי באַגראָבן. הי״ד.

## די אַקעגן אַנדערע...

די דייטשן האָט זיך פאַרוואָלט ווייִן, די יידישע פּאָליציי האָט דערשמעקט, אַז בייביילע מונס איז דאָ וויין. די פּאָליציי איז געגאַנגען פאָדערן דעם וויין פאַר די דייטשן.

פעדיע ליאַכאָוויטש, גמינע סעקרעטאַר, האָט איבערגעשיקט אין וואַלד קליידונג פאַר די יידישע פּאַרטיזאַנער אין וואַלד.

מאיר קיילער, דער יידישער פּאָליציי קאָמאַנדאַנט, איז געפאַלן דורך די פּאַר־טיזאַנער. אנאַניע ווערכאָוו האָט איבערגעגעבן קיילערן צו די פּאַרטיזאַנער, אַלס נקמה וואָס זיין פרוי האָט באַקומען געשלאָגן דורך קיילערן.

יחיאל שוחט האָט געהיט גערטנער. האָט ניט איינמאָל מיטגעבראַכט גרינסן און געגעבן די הונגערנדע.

דער יודנראַט האָט רעקווירירט ביי ניסיע סאַפּאָזשניקן דעם פּוטער, פאַרקויפט און פאַר דעם געלט געמאַכט הוליאַנקעס (אַלטע סאַפּאָזשניק).

ד״ר פיוואָנסקי האָט מיטגעאַרבייט מיט די דייטשן, כאָטש ער איז רייך געוואָרן פון יידישע פּאַציענטן.

שלום קיילער איז קראנק געוואָרן אויף טיפוס. אין וואלד, אין קעלט, הונגער און פשוט נאקעט, איז ער אַזוי אָפּגעשוואכט געוואָרן, אַז די חברים האָבן געמיינט, אַז ער גוססט.

זעקס וואָכן זענען די ברודער שפּין געזעסן אין אַ קעלער, אויסבאהאלטנדיק זיך פון דייטשע הענט ווי אויך אוקראַינישע מיטאַרבייטער.

אין 1942 איז אַראָפּגעקומען אַ רוסישער אַעראָפּלאַן נעמען די קינדער אין טיף ריסלאנד. איין אַעראָפּלאַן איז ארונטערגעפאלן און די רוסן האָבן אים פארברענט. דער צווייטער איז גלענצנד אַרונטער און מיטגענומען אַלע יידישע קינדער פון וואלד.

קיילע בייזמאן איז אַ טאָג פאר דער שחיטה אנטלאָפן קיין מילישקה נעבן מאלינסק. אין פּאָליציי האָט געאַרבייט אַ יידישע מיידל, האָט זי זיך דערוואוסט, אַז מען וועט צוריק ברייגנן פון מאלינסק אַלע יידן אין שטעטל, האָט זי אַלעמען דערציילט און די מענטשן זענען זיך צולאָפן אין וואלד. זעקס וואָכן זענען זיי געלעגן אויפן דאך און מען האָט זיי ניט אויסגעגעבן.

אין פּארטיזאנקע זענען געווען צווישן אַנדערע שלום קיילער, סענדער שפּין, די סאפּאזניקעס, יוסף גאלוב. דער לעצטער האָט באַזאָרגט אַלעמען מיט קליידונג, אַנטועכץ א.א.וו.. געפאלן ווי אַ העלד אין קאמף מיט די יידן מערדער. פּייוול שרייבער, אנאניע ווירכאָוו, אליהו און שמעון שפּין.

סענדער שפּין האָט געגעכטיקט אין אַ קליניע. די דייטשן זענען געגאַנגען אויף ראזוועטקע. סענדער האָט זיך געשטעלט אין אַ ווינקל פון דער קליניע און אָנגעהויבן שיסן. פיר אוקראַינער אין דייטשע אונפאָרמען זענען געפאלן טויט. די דייטשן זענען זיך צולאָפן און סענדער האָט זיך אַרויסגערוקט שטילערהייט אין וואלד.

דער דייטש ראָזענבערג איז ניט געווען קיין שלעכטער, אָבער דער צווייטער דייטש קלענס איז געווען אַ רוצח. ער האָט געשאָסן צבי ראבויס טאָכטער אַ צייט פאר דער שחיטה.

פויערן האָבן געכאַפּט לאה קופּערשטין מיט אירע צוויי טעכטער און אָפּגעשניטן די קעפּ.

ד״ר ג. ב.

## אריה קופּליק דערציילט

אַ דריטל פון בערעזנער הייזער זענען חרוב געוואָרן, ווען דריי דייטשע באָמבעס זענען געפאלן אויף בערעזנע. די פּאניקע איז געווען גרויס. ווער עס האָט געקענט האָט אָנגעהויבן אָפּשיקן די קינדער אויף אַ „זיכערן״ פּלאַץ. ער און זיין שוועסטערל זענען אָפּגעפאָרן אין אַ דאָרף צו זייער זיידן. דער קריג אויף בערעזנע צווישן די דייטשן און רוסן האָט רואינירט כמעט גאַנץ בערעזנע. באלד ביי דעם אַריינגאַנג פון די דייטשן האָבן זיי גלייך גענומען אַ פּאָר הונדערט בערעזנער יידן און זיי אַריינגעשטופּט אין אַ קעלער מיטן בעשולדיקן, אַז זיי האָבן געווען און זענען קאָמוניסטן. צווישן זיי איז געווען אויך דער שטאָט ראבינער רב אהרן באראז. מען

האָט זיי באַפרייט נאָכדעם ווי מען האָט אַריינגעטראָגן אַ גרויסע סומע געלט פאַרן דייטש...

געווען הונגער אין בערעזנע. ער אַלס קליין יינגל האָט געפירט עסן פון דאָרף פאַר דער פאַמיליע. געדיינקט ווייניק איבערן יודן־ראַט. דערציילט, אַז ער האָט געאַרבייט מיט נאָך אַנדערע און דער דייטש האָט געוואָרפן שטיינער אויף זיי אום זיי זאָלן אַרבייטן שטאַרקער און שנעלער. זיי פלעגן לויפן מיט שווערע געוויכט אויף זיך. איינמאָל האָט ער זיי אַריינגענומען אין אַ הויז און זיי געהייסן זינגען, ווען ניט, וועט ער זיי טויטן. איינער האָט דאַן געמאַכט אַן אל מלא רחמים, האָט ער זיי צורוהה געלאָזט. ער דערציילט אויך אַז די יידישע פּאָליציי האָט באַגלייט די יידן צו דער אַרבייט כדי זיי זאָלן ניט קענען אַנטלויפן אין די וועלדער... וועגן דער אַקציע האָט מען אין בערעזנע זיך געריכט דאַן ווען די פויערן זענען געקומען אָפּנעמען זייערע זאַכן פאַרטיקע אָדער ניט ביי די יידישע בעלי מלאכות. געוואוסט האָט מען שוין פון פריער אַז די דייטשן טויטן אַלע יידן, ווייל די ראָוונער יידן האָבן שוין געליטן פון דייטשער האַנט. דאָך האָט מען נאָך געהאָפט, אפשר וועט בערעזנע איבערבלייבן, ווייל מען האָט געהערט, אַז די רויטע אַרמיי האָט גרויסע נצחונות. דריי הונדערט יידן האָבן געאַרבייט אין קאַסטאָפּאָל. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן מיטן ברודער שמואל אין דאָרף, נאָר דער ברודער האָט אים אָפּגעהאַלטן דערפון. די נאַכט איז ער ניט געשלאָפן. אַרום צוויי באַנאַכט האָט מען אַרומגערינגלט דעם געטאָ. ער האָט זיך באַהאַלטן אונטערן בעט. דער אוקראַינער וואָס האָט געזוכט אַרויס, האָט אים געפונען, אַרויסגעשלעפּט און גוט געשלאָגן. מען האָט זיי אויס־געשטעלט אין פירן אין אַ שורה. ער האָט אָנגענומען זיין ברודער ביי דער האַנט און אים גוט געהאַלטן. געזאָגט אַז ווען מען וועט שיסן, זאָלן זיי זיך אַוועקלייגן און מאַכן ווי טויט. אַ מאַלינסקער ייד האָט אָנגעהויבן שרייען הורא, און מען האָט אָנגעהויבן לויפן. אייניקע יידן האָבן פאַרגעשלאָגן אָנפאַלן אויף די פאָר דייטשן און זיי טויטן, ווייל נאָר זיי האָבן געהאַט געווער און די אוקראַינער האָבן נאָר געהאַט שטעקנס, אָבער ליידער האָבן אַנדערע ניט מסכים געווען און זיך געלאָזט פירן צו דער עקידה אָן אַ ווידערשטאַנד. מען האָט דערווייל אָנגעהויבן שיסן און ער האָט פאַרלוירן דעם ברודער. אַ טייל איז געלונגען צו לויפן ביי דער באַן ליניע און די דייטשן זענען געלאָפן מיט וואַגאַנעטקעס ביזן וואַלד און אין וואַלד אַריין. זיי האָבן זיך פלוצלינג געפונען פונפצן יידן, ער דער איינציקער פון בערעזנע. דאָס בינדל האָט זיך צוטיילט און ער מיט נאָך צוויי יידן זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון שטאָט. די דייטשן האָבן זיי דערשמעקט און געשאָסן אויף זיי. ער איז אַריינגעשפּרונגען אין אַן אַזערע און דורכגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט און אין וואַלד. דאָרטן האָבן אים באַגעגנט צוויי פּויערטעס. זיי האָבן אים געגעבן עסן און געוויזן די וועג נאָך בערעזנע. אויפן וועג האָט אים אַ פויער דערקענט, אַז ער איז אַ ייד און געהייסן אַראָפּנעמען די געלע לאַטע, אַנדערש וועט מען אים טויטן. אויפן וועג ווידער האָט ער געהערט אַז אין בערעזנע קומט נאָך אַלץ פאַר די אַקציע, איז ער געגאַנגען אין דער ריכטונג פון יאַבלאָניע. דאָרט האָט ער באַגעגנט טייטל־

בוימס איידעם, איבערגענעכטיקט ביי אַ פויער און זיך דאַן פונאַנדערגעגאַנגען. ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ באַקאַנטן דייטש, וואָס איז געווען פאַרהייראַט מיט אַ פוילישע און זייערס אַ באַקאַנטער. דאָרט האָט ער זיך דערוואוסט אַז זיינע אַ קרובה לעבט. פון דאַן אָן געבלאָנדזשעט פון אָרט צו אָרט ביז ער האָט זיך דערשלאָגן נאָך ישראל.

## אזארוב זאגט עדות וועגן זיך און וועגן דער פאליציי

אזארוב איז געווען אַ געוויסע צייט אין יודן־ראַט אַלס באַאַמטער און אין דער פּאָליציי. דערציילט:

געווען ביי די רוסן אַלס באַאַמטער מיט ספּעציעלע אויפגאַבן, ווען די דייטשן זענען אַריין אין בערעזנע, האָבן זיי צוזאַמענגענומען אייניקע פון די וואָס האָבן געאַרבייט בײַ די רוסן, ער און דוד שוחט און אויך... רבי אהרן באַראַז, באַשולדיקט אין באָלשעוויזם. זייענדיק ביים עלצטן אויף אויספאָרשונג, איז אויך קרעמעניצקי געווען דערביי און ער האָט איבערזעצט פאַרקערט. האָט דאַן אזארוב געבעטן אַליין ריידן מיט אַ צובראָכענעם דייטש, האָט מען אים דאַן פאָרגעוואָרפן, אַז זיין זון איז געווען אַ קאָמסאָמאָליעץ... און איז אַנטלאָפן פון שטאָט. אָבער אזארוב האָט אָפּגעלייקנט און געזאָגט, אַז זיין זון איז אין שטאָט. מיט אַן אמת זענען זיי יאַ אַנטלאָפן, אָבער געמוזט זיך צוריקקערן, ווייל די דייטשן זענען געווען אויפן וועג קיין בערעזנע. רומיאַק האָט זיי פיל געהאָלפן און נאָך אַנדערע יידן. ער האָט זיי געגעבן פערד און וואגן צום אַנטלויפן. זיין זון איז אין אַ צייט אַרום צוריקגענומען געוואָרן אויף אַן אויספאָרשונג. אַזארוב האָט באַקומען געשלאָגן יעדעס מאָל ביי דער אויספאָרשונג, מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט ברידער אין רוסלאַנד און ער האָט געטענהט, אַז ער האָט בכלל ניט קיין ברודער.

ער דערציילט אויך וועגן דאס שלעפּן די יידן אין קעלער, דאָס ווייַנען פון גילבערגן, דער שוואכסטער אין כאראקטער. נאכדעם ווי מען האָט גילבערגן אַרויסגעלאָזט, זעט אויס מען האָט אים אונטער פאַרשיידענע צוזאגן פאָרגעלייגט שאַפן דעם יודן־ראַט... און כך הוה, דער יודן־ראַט האָט זיך געגרינדעט און יואל גילבערג איז געוואָרן דער הויפּט. נאכדעם צוקאָפּטירט שמחלה שפּירא, פּיניע כאַוועדס (בנימין סופר איניקל), מיכעלע חאמוט, די צוויי האַרמידערס און נאָך אייניקע (די נעמען געדיינקט ער ניט!). מיט דער הילף פון רומיאַקן איז ער און נאָך 42 יידן אַריבער אין רודע לעצניצע אַרבייטן, וואו זייער לאגע איז געווען רעלאַטיוו אַ בעסערע.

די געטאָ איז געשאַפן: די יידן אין בערעזנע ווערן דורכן יודן־ראַט געטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס: בעלי מלאכות אויסערן געטאָ. די רייכע, פון וועלכע דער יודן־ראַט קען אויסציען אַביסל געלט — אויסער געטאָ. אָבער די מערהייט יידן, אָרימע האָט מען אַריינגעפּאַקעוועט אין אַ ווינקל מיט שטעכל דראָטן. גרודעס הריז איז געוואָרן דער גענעראַל־שטאַב פון יודן־ראַט און נעבן זיי די יידישע פּאָליציי.

אין אַ צייט אַרום איז דער יודן־ראַט אַרויס אין אַ באַזונדער פּלאַץ און די פּאָליציי מיט מאיר קיילער אַלס קאָמאַנדאַנט, זענען געבליבן דאָרטן. די טענה, אַז מען האָט געצאָלט געלט פאַר ווערן אַ פּאָליציאַנט, איז אַן אויסגעטראַכטע, ווייל אין דער פּאָליציי זענען געווען עטליכע אָרימע פינצטערע טיפּן ווי אברהם סופר (אברהם דער גראַף, פון אַלעמען באַצייכנט אַלס מערדער), הערצל משה מארימס, הערצל שריי־בער, ישעיהו בעבצוק און קיין רייכע אינגלעך זענען אין דער פּאָליציי ניט געווען, און וואָס אנבעלאַנגט מאיר קיילער, זאָגן אַלע עדות, אַז ער איז פּשוט געווען אַ שוטה, ליב געהאַט בענדלעך (נאָך פון צייט וואָס ער איז געווען אין ביתר). דער אמת איז, אַז זייער ווייניק האָבן זיך אָפּגערופן צו גיין אין דער פּאָליציי כדי אויס־פירן באַפעלן פון הערן פאַלק, באַפעלן וואָס זענען צומאָל געווען פּשוטע רויבערייַ, שלאָגן אייגענע ברודער געפּייניקטע, היטן אַרבייטער און זיי אַזוי אַרום שטערן אַנטלויפן אין וואַלד, טרייבן צו דער קאַטאָרזשנע אַרבייט און צום אומקום... ווייל קיין פאַרטרעטער איז ניט געווען, און די אַרבייטער זענען גלייך געווען אין די הענט פון אוקראַינער, וואָס האָבן זיי אַרויסגעצויגן די נשמה און זעלטן ווער עס איז צוריק געקומען פון אַזאַ אַרבייט. אפילו דער שטאַרקסטער האָט ביי טאָרף ניט אויסגעהאַלטן. ער איז קראַנק געוואָרן ביי דער אַרבייט און נאָכדעם ווי ער איז געקומען צו זיך אין שפּיטאָל, איז ער אַריין אַרבייטן ביים יודן־ראַט, אָבער מען האָט אים שנעל משלח געווען (זעט אויס, האָט ער געזען צו פיל). אזארוב זאָגט, אַז דער יודן־ראַט האָט ניט אָפּגעגעבן די פּאַרציעס ברויט אפילו וואָס די דייטשן האָבן אויסגעטיילט — ווי געזאָגט הונגער ראַציאָנען. זיי האָבן פאַרקויפט דאָס ברויט. מען האָט געפירט דאָס ברויט קיין קאָסטאָפּאָל אַזוי צו זאָגן פאַר ארבייטער, אָבער מען האָט עס פאַרקויפט און אַזוי האָבן די יודן־ראַט מענטשן געפּרעסן און געזויפן צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס און אַרומיקע, בעת די בערעזנער אָרימע יידן האָבן געהונגערט אין געוואַרט אויף דער גאולה און אפילו אויפן טויט...

אברהם דער גראַף האָט געשלאָגן בענציע די קאָפּ, ווייל ער האָט ניט געוואָלט גיין צו דער אַרבייט פאַר אַנדערע. דער יודן־ראַט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין חאַפּונעס, חאַפּן מענטשן צו דער אַרבייט. מאיר קיילער מיט אברהם דעם גראַף וואָלטן אים געשלאָגן צום טויט, נאָר שקאַליוק, וואָס איז דאַן געווען קיילערס הילפער, האָט אים פּשוט אַרויסגעשלעפּט פון זייערע הענט. אַזארוב דערציילט, אַז ער האָט מיט רומיאַקס הילף זיך אַרויסגעכאַפּט פון געטאָ און געאַרבייט אין וואַלד. זיין זון האָט געאַרבייט אין קאָסטאָפּאָל. ער האָט זיך געבעטן ביי קיילערן אים דערלויבן גיין באַזוכן זיין זון, אָבער ער האָט אים בשום אופן ניט דערלויבט. איינער פון די געהילפס־פּאָליציי האָט אים געבאָרגט זיין פּאָליציי־צייכן און ער האָט גע־קענט גיין זעהן זיין זון. לויט ווי ער זאָגט, איז בעבצוק ניט געווען שלעכט צו די מענטשן, אַנדערע ווידער זאָגן פאַרקערט. אַזארוב ענטפערט אויף דער באַשולדיקונג אַז די יידישע פּאָליציי איז צומאָל געגאַנגען רויבן פּשוט, און צומאָל מיט אוקראַינער, וועלכע זענען געשטאַנען אין דרויסן און געוואַרט אין דרויסן אויף זייערע שותפים. זאָגט אזארוב: מיר האָבן געמוזט אויספילן די באַפעלן פון יודן־ראַט. אַזוי אַז

תמיד איז מען געגאנגען כלומרשט פארן דייטש אויפנעמען זאכן (בסך הכל זענען געווען צוויי דייטשן — עלצטע...). ער באשטעטיקט אָבער גאנץ קלאָר, אַז די מענטשן פון יודן־ראט האָבן געהוליעט אויף ווייַן און עופות און ווי געזאָגט, מען לעבט איינמאָל, און זייער געדאנק איז געווען אַז במילא וועט מען אַלעמען טויטן און זיי וועלן אפשר בלייבן לעבן, און ווער וועט עדות זאָגן?

פון אונזער זייט ווילן מיר אונטערשטרייכן, אַז אזארוב איז געגוג צוריקגע־האלטן וועגן די וואָס זענען געבליבן לעבן, צום ביישפּיל וועגן הערצל שרייבער און איסער גאנדעלמאן איז ער זייער אָפּגעהיט. דאָס זעלבע איז מיט דויד רעכט, וועלכער לייקנט אָפּ פון זיך אַלעס און באשולדיקט ניט קיינעם. אזארוב דאקעגן באשולדיקט די אַלע, וואָס האָבן געפונען דעם טויט נאָך אין רוסלאנד דורך קריינק, אָדער פון די פארטיזאנער און איצט ריידן אַלע אָפּן וועגן פיניע כאוועס, ווייל ער לעבט ניט מער. די בערעזנער אין דעם פאַל האלטן זיך אָפּ פון דערציילן מיט דער טענה: איי, עס איז שוין פאַריבער, די טויטע וועלן ניט לעבעדיק ווערן. אַזוי גע־פינט זיך אין חיפה איינער, וואָס איז געווען אין דער פאָליציי, וואָס האָט צוגע־נומען פיל זאכן ביי פאמיליע צערנאטע און ניט צוריקגעגעבן עד היום. זאָלן זיי זייערע מעשים נאָכיאָגן זייער געוויסן (אויב זיי האָבן נאָך פון דעם עטוואָס), זייער גאנץ לעבן. (וואָרט אין וואָרט עדות זאָגן דורך אזארוב)

## וואָווע שניידער דערציילט

אין 38/39טן יאָר האָט ער געדינט אין לאָדז. אַז די דייטשן זענען אַריין אין פּוילן, האָט מען אָנגעהויבן כאפּן יידן אין די גאסן. אויך וואָווען האָט מען געכאפּט און אָפּגעפירט אין אַ לאַגער אין צענסטאָכאָוו. געכאפּט האָט מען אים אַ 6 ק״מ פון װאַרשע. מען האָט אים אַריינגעזעצט אין אַ קעלער. געמאַטערט און געפּייניקט, נאָכער אָנגעגאָסן וואסער. פיל זענען דערטרונקען געוואָרן. אַביסל האָבן זיך גע־ראַטעוועט, די האָט מען אָפּגעפירט אין שלאָנסק. דאָרטן האָבן די יידן געאַרבייט. וואָווע האָט געפירט וואסער פאר די מענטשן מיט פערד און וואגן. צוערשט איז מיטגעפאָרן אַ דייטש, נאָכער האָט ער אַליין געפירט די וואסער. וויסנדיק אַז די דייטשן טויטן אויס די יידן און שיסן זיי אָן אַ וואָס און אָן אַ ווען, האָט ער באַשלאָסן אַנטלויפן און זיך לאָזן אין וועג צו בערעזנע צו, צו זיינע עלטערן. אין דריי טעג אַרום האָט ער אָפּגעלאָזט פערד און וואגן און אַנטלאָפן אין וואלד. אין זעלבן טאָג זענען אַנטלאָפן נאָך זעקס יידן, אָבער ער האָט זיך מיט זיי ניט געטראָפן. נאָר איז אַ צייט לאנג אַרום. אין די טעג איז ער געווען אין די פעלדער, און אין אָוונט האָט ער זיך גענענטערט צו דער באַן ליניע און ווען די באַן האָט אָנגעהויבן גיין, פלעג ער זיך אַרויפכאפּן אויפן דאך און אַזוי געפאָרן קילאָמעטערווייז. איינמאָל איז ער געווען אין וואגאָן, ווען אַ דייטש איז אַריין זוכן יידן און ער האָט זיך ווי עס איז אַרויסגעכאפּט און פון דאן אָן איז ער נאָר געפאָרן אויפן דאך פון דער באַן. ער איז דאן אַלט געווען 17 יאָר. אַזוי איז ער אָנגעקומען צום בוג. נעבן לוצק האָט ער

באמערקט צוויי יידן, שטייען, נעבן זיי אַ דייטש. איין ייד שטייט און זינגט און דער אַנדערער טאַנצט. ער איז אַנטלאָפן אין וואלד, דאָרטן האָט ער זיך געטראָפן מיט די זעקס יידן, וואָס זענען יענעם טאָג אנטלאָפן פון נעבן ווארשע. ביינאכט האָבן זיי זיך געלאָזט שווימען איבערן טייך. די רוסן האָבן געשאָסן אויף זיי, זיי האלטנדיק פאר דייטשן. מען האָט זיי געכאפט און אריינגעזעצט אין אַ קעלער. זיי האָבן מער ווי אַ טאָג דורכגעמאכט אָן עסן, ביז מען האָט זיי אויסגעפאָרשט, האָבן זיי באקומען עסן. מען האָט אים דאן געפירט קיין מאקווין, דאָרט האָט ער דערזען בערל שקאליוק, וועלכער האָט טעלעפאָנירט קיין בערעזנע, נאָך זיינע עלטערן. ווען די רוסן האָבן אָנגעהויבן אָפטרעטן פון בערעזנע, איז וואווע געווען אין רוסישן מיליטער ווי אויך זיין ברודער, און פיל אַנדערע בערעזנער יוגנטליכע. דאָרטן איז ער פארוואונדעט געוואָרן ביי דער אַרבייט און אָפגעלעגן אין סאראַטאָווער שפיטאל גאנצע אַכט חדשים. אין 1944 איז ער צוריק געווען אין בערעזנע, וואו ער האָט געטראָפן עטליכע בערעזנער יידן. ער איז דאן ווידעו' געשיקט געוואָרן ווייטער ביז צענסטאָכאָוו. אין 1946 איז ער ווידער געווען אין בערעזנע. איצט געפינט ער זיך אין ישראל.

## אבלאפאנקע ווארפט וואווען און בערל בייזמאַן אין ראָוונער תפיסה

אין 1944, צוקומענדיק קיין בערעזנע, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די גאנצע פאַמיליע איז צוזאַמען מיט אַלע יידן דערמאָרדעט געוואָרן. ער האָט געזוכט נקמה נעמען פאַר די אומגעקומענע עלטערן און פאַר די ברודער יידן. קיין געלעגנהייטן האָבן ניט געפעלט. אונטער מאקווין האָבן זיי (וואָווע שניידער און בירל בייזמאַן) באמערקט דריי באנדעראָווצעס וואָס האָבן אנטייל גענומען אין מאָרדן יידן. אַלע דריי זענען געשאָסן געוואָרן אונטערן שטאָט. אבלאפאנקע, דער גאלאווא, רייז פאַלקאָם איז אינפאָרמירט געוואָרן וועגן דעם. וואָווע האָט אַלץ איבערגעגעבן וועגן זייערע מעשים אין בערעזנע. בירל בייזמאַן האָט מען גלייך פריי געלאָזט פון ראָוונער טורמע. אריל גוטניק, וואווס אַ קרוב, האָט דאן געאַרבייט אין נ.ק.וו.ד., האָט ער זיך דערוואוסט וועגן וואווס ענין און מיט זיין הילף האָט מען אים באפרייט פון דער אנקלאגע: טויטן אָן אַ משפט...

די נקמה איז אָבער אַ טראָפּן אין ים, וואָס די מערדער האָבן אָפּגעטון אין בערעזנע בלויז. וועט נאָך קומען דער טאָג פון משפט און נקמה פאַר די אַלע מערדער?!

## שלום קיילער דערציילט

בעת דער איבערשיסונג (פערעסטרעלקע) צווישן די רוסן און די דייטשן, זענען פיל סנאראדן געפאלן אויף בערעזנע און צירקא 70 פראָצענט פון בערעזנע איז חרוב געוואָרן. און מערקווירדיק: סך־הכל זענען געווען צוויי יידישע קרבנות. ווי ווייט די באפעלקערונג איז געווען נאַאיוו און ניט געדאכט אַפילו וואָס זיי ער־

וואַרטעט פון די דייטשן, באַוויַזט דער פאַקט: הערשל יוז האָט אין מיטן באַמבאַר־דירן זיך געשטעלט אויפן דאַך און געלאָשן די שריפה פון די סנאַריאַדן...

צו מאָרגנס זענען די דייטשן אַריין אין שטאָט, אָבער די רוסן האָבן זיי פאַר־טריבן, אָבער לײַדער ניט אויף לאַנג. ווײַל אין אַ קורצער ווײַלע זענען די רוסן אָפּגעטראָטן און די דייטשן זענען געוואָרן בעלי בתים פון בערעזנע. נאָך אין זעלבן טאָג האָבן זיך די פויערן פון שטאָט און פון דער אַרומגעגנט מיט דער הסכמה פון די דייטשן אָנגעהויבן טיילן מיטן ייִדישן גוטס. די דייטשן האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן ניט מאַכן קיינע רעפּרעסיעס קעגן אַנדערע מינדערהייטן.

די ערשטע זאַך פון די דייטשן איז געווען שיקן ייִדן אויף אַרבייט. מען האָט אָנגעהויבן בויען אַ צײַטווײַליקן בריק אויף דעם טײַך. מען האָט גענומען מענער און פרויען. מען האָט די מענטשן געשלעפּט פון די הײַזער. די אוקראַינישע פּאָליציי האָט שוין פון אָנהייב זיך זייער שלעכט אויפגעפירט כלפּי די ייִדן. רעפּרעסיעס איבערהויפּט איבער די אויף וועמען זיי האָבן געהאַט אַן אויג... מען האָט געשלאָגן, די ייִדן האָבן אַלע אַרבייטן געטאָן מיט די הענט. אַן אוקראַינישע געמיינדע האָט זיך געשאַפן מיט **ר ימ ע ר ן** אין דער שפּיץ, די אויספיר מאַכט פון די דייטשן. די לאָזונג איז געווען: אַן אוקראַינישע מלוכה אָן ייִדן... אַלס פאָרשטייער פון די פּאָליאַקן איז אַריין **פּיוואָנסקי**, אַ פּוילישער אַרצט, וואָס האָט אַממייסטן גע־לעבט פון די ייִדן. אַלע ייִדן האָבן אָנגעטון די געלע לאַטע און אַ מגן דוד אַלס יודן־צייכן... ס'איז קיינעם ניט אײַנגעפאַלן זוכן וועגן צו אַנטלויפן פון דער אַרום־געגנט.

## די געטאָ

אַלע ייִדן מוזן זיך געפינען פון 5—6 אינדערפרי אין מיטן מאַרק! אַזאַ באַפעל איז אַרויס אין איין שיינעם טאָג. נאַטירליך אַז אַלע ייִדן זענען שוין געווען צו דער צייט צו אויפן פּלאַץ. עס זענען שוין געווען גרייט ליסטעס פון נוצליכע (ס'הייסט בעלי מלאכות), וועלכע מען האָט געשיקט אין די ליפּקעס, וועלכע מען האָט דער־לויבט מיטנעמען אַלע זייערע זאַכן. אַלע איבעריקע האָט מען אַריינגעשטופּט אין געטאָ, וואָס האָט זיך געפונען נעבן די גרודעס. די געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן פּאַרקאַן פון דראָט. מען האָט צוגענומען ביי די ייִדן אַלע זאַכן. די דייטשן האָבן באַשטימט אַ יודן ראַט, אין וועלכן ס'זענען אַריין צווישן אַנדערע פּנחס חאַווערס, שמחלה שפּירא, יואל גילבערג (קיינער לעבט פון זיי ניט מער), מיכל חאַמוט.

## מאיר קײַלער קאָמיסאַר

מאיר קײַלער איז באַשטימט געוואָרן פאַר פּאָליציי קאָמיסאַר (געטויטעט פון די באָלשעוויקעס נאָכן צוריקקער אין בערעזנע) און אייניקע פּאָליציאַנטן, צווישן זיי: דוד רכט, הרצל שרייבער (איצט אין יפו), יחיאל דער אַפּטייקער (אַלע זאָגן עדות, אַז ער האָט זיך גוט אויפגעפירט כלפּי זײַנע ברידער ייִדן און פיל געטאָן

לויט זיינע מעגליכקייטן) אזארוב (געפינט זיך איצט אין הדר יוסף), איסר גאנדעל־מאן (אין ישראל), אברהם דער גראף.

די יידישע פּאָליציי האָט באדארפט צושטעלן יידן אויף אַרבייט. מען האָט אויסגעטיילט פאר יעדן: 100 גראם ברויט מיט א הירזענע סופּע. מ״ט אַזא הונגער פּאָרציע האָט מען געדאַפט שווינצן. אַ יאָר צייט האָט זיך געצויגן אַזאַ לעבן, עס זענען געווען פיל קראַנקע. עטליכע מענטשן זענען דאָך געווען געשוואָלן פון הונגער (גערופן אין פראנצויזיש: די הונגער קריינק, וואָס קומט אַדאַנק מאנגעל אין פראָטעאינען), ווי אויך זענען געווען אַ טייל מענטשן וואָס זענען געוואָרן ממש סקעלעטן! מען האָט געשאַפן אַ יידיש שפּיטאָל, אָבער עס איז געווען אַ מאנגעל אין מעדיקאמענטן. ד״ר מושיצקי, אַ יידישער דאָקטאָר, האָט געטון אַלץ צו העלפן די קראַנקע (לויט עדות זאָגן פון שלום קיילער; ד״ר מושיצקי געפינט זיך אין פראנקרייך!).

דער יודן־ראט, וואָס די דייטשן האָבן באשטימט, האָט באקומען אַ קוואנטום פון עסן, וואָס זיי האָבן באדארפט אויסטיילן דער באפעלקערונג. ליידער האָבן די „באשטימטע״ וועלכע האָבן באקומען געוויסע פולמאכטן (אָדער זיך אַליין די פול־מאכטן גענומען) אַנגעהויבן הערשן איבער דער אומגליקליכער באפעלקערונג פון געטאָ, און האָבן נאטירליך זיך פארטיילט דעם גרעסטן חלק און געלאָזט אַנדערע הונגערן (אַזוי דערציילט אַלטע סאפּאזניק, אַז זי האָט געוויינט און זיך געבעטן ביי שמחה שפּירא, ער זאָל איר אָפּגעבן איר חלק ברויט. די מוטער אירע איז גע־לעגן געשוואָלן פון הונגער, אָבער ער האָט איר געגעבן נאָר אַ האַלבן ברויט פאר 5 פּערזאָן, כאָטש איר איז געקומען איבער צוויי ברויט אויף איר חלק.) פון צייט צו צייט האָט דער דייטשער קאָמיסאר גינטער באזוכט די שטאָט און באפוילן שיסן יעדן ייד, וואָס די זשענדאַרמעריע וועט באגעגנען אין גאַס. אַזוי איז דערשאָסן גע־וואָרן אהרל שפּירא און הערשיל יוז, וואָס מען האָט דערטאפּט אין גאס. אַזוי האָט זיך געפירט דאָס טרויעריקע לעבן ביז 1942־טן יאָר, ווען די אויסראָטונגס־אַקציע האָט זיך אָנגעריקט.

דער בערעזנער געטאָ האָט אויך צוגעשטעלט אַרבייטס מענטשן פאַרן קאסטאָ־פּאָלער לאַגער, צווישן וועלכע שלום קיילער איז געווען איינער פון זיי. דער יודן־ראט האָט פארנארט די יידן אויסערן געטאָ אין געטאָ אַריין און זאָגנדיק, אַז מען וועט טיילן ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן און נאָכער זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער אוקראַינישער פּאָליציי און אַזוי אַרום איבערגעשיקט קיין קאסטאָפּאָל. דאָרט האָבן די יידן בייגעוואוינט, ווי מען האָט געבראכט גאנצע וואַגאָנעס מיט ראָוונער יידן, באגלייט פון דער געסטאפּאָ, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס פּאַניקע ביי די יידן. אין לאַגער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ס׳זענען דאָ גרייטע גרובנס. בכדי צו בארוהיקן די לאַגער מענטשן, האָט דער געביטס־קאָמיסאר געהייסן פאַר־שיטן צוריק די גרובנס.

שלום קיילער איז צוריקגעפאָרן קיין בערעזנע און אויף זיין פּלאַץ איז געפאָרן

זיין ברודער הערשל, נאָך קאַסטאַפּאַל. שוין אויפֿן דריטן טאָג נאָכדעם ווי ער איז צוריק געווען אין בערעזנע, איז פֿאַרגעקומען די אַקציע.

אין בערעזנע האָט מען געוואוסט וועגן דער אויסראָטונגס־אַקציע: קרעמע־נעצקי האָט געוואָרנט די קלײַדעס זיי זאָלן אַנטלויפֿן. די באַפעלקערונג איז געווען ווי פאַרטויבט און געזעסן אויפֿן פּלאַץ, כאָטש פיל וואָלטן זיך געקענט ראַטעווען לויפנדיק אין די וועלדער.

שלום קיילער איז אַנטלאָפֿן נאָך האַסטיז. צומאָרגנס איז ער געגאַנגען צוריק קיין בערעזנע זיך דערוויסן וואָס האָט פּאַסירט אין שטאָט. מיט אים איז געווען וואַלדמאַן פון רודנע לענצינסק. קומענדיק צום טייך האָט זיי פֿאַרהאַלטן אַ פּויער און האָט זיי געוואָרנט אַנטלויפֿן, ווײַל אין שטאָט קומט פּונקט פֿאָר די אַקציע. זיי האָבן איבערגעוואַרט דעם טאָג ביים פּויער, וואו זיי האָבן אויך באַקומען עסן און געשלאָפֿן ביי אים אויפֿן לוג אין הוי, און צו מאָרגנס אַוועק אין וואַלד, וואו זיי האָבן געטראָפֿן אייניקע בערעזנער, צווישן זיי גאָלדע רייזע פּאַסמאַן מיטן מאַן און קינד, די ברידער הערשקאָוויץ, וועלכע זענען אַנטלאָפֿן פון דער אַקציע. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן די פּויערן דערציילט וועגן פּאַרטיזאַנער, וואָס געפינען זיך אין דער נאָענט פון וואַלד און זיי האָבן אָפּגעזוכט די פּאַרטיזאַנער און פון דאַן אָנגעהויבן אַ פּאַרטיזאַנער לעבן.

## בערעזנע אין אָנהייב פון צווייטן וועלט קריג

17 טעג אין אלול זענען די פּאָליאַקן אַנטלאָפֿן פון בערעזנע און בערעזנע איז געבליבן אָן אַ רעזשים. אַ שטאָטישער קאָמיטעט האָט אָנגעפירט מיט די ענינים פון בערעזנע און דער אומגעבונג.

יום־כיפור זענען אַריין אין שטאָט די רוסן און זענען אויפגענומען געוואָרן לויטן אַלטן שטייגער דורך דער יידישער באַפעלקערונג, אויף קאָמיסאַרסקע גאַס, מיט ברויט און זאַלץ. זיי זענען באַדאַנקט געוואָרן דורך די רוסן פאַר דער אויפ־נאַמע. רב אהרון באַראַז מיט נאָך אייניקע יידן זענען געווען די יידישע פֿאָרשטייער, וועלכע האָבן אויפגענומען די רוסן. דאָס לעבן האָט זיך לאַנגזאַם איינגעשטעלט אַזוי ביז 1940טן יאָר. די געשעפטן זענען פאַרביטן געוואָרן אויף קאָאָפּעראַטיוון. עס האָט זיך געשאַפֿן אַ גרויסער קאָאָפּעראַטיוו ביי ישראל גאָלוב, אין מיטן מאַרק. פּיל יידן האָבן זיך גענומען צו אַרבייט, אַנדערע זענען געוואָרן באַאַמטע, אָט אַזוי האָט זיך געצויגן ביזן יאָר 1941. מיט שטורם זענען די דייטשן צוגעקומען קיין בערעזנע, אַ קורצע צייט נאָכן אָנפֿאַל פון די דייטשע בעסטיעס אויף ראַטן פֿאַר־באַנד. ס'איז פֿאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישן די רוסן, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן איבערן טייך און די דייטשן, וואָס האָבן אָנגעהויבן איינדרינגען דורך די ראַגאַטקעס, צו קאָמיסאַרסקע גאַס. כמעט גאַנץ בערעזנע איז רואינירט געוואָרן. דאָס איז געווען בערך ראש חודש כסלו, 1941טן יאָר. אויך אין בערעזנע זענען די יידן געווען ווי צוגעפּלעט און ניט פֿאַרויסגעזען דעם חורבן. ערשט ווען ס'האָט זיך געשאַפֿן די

געטאָ, האָבן די מענטשן זיך אָנגעהויבן אַרומזען, אָבער ס׳איז שוין געווען אַביסל שפּעטליך...

ביי רב יצחקיל פעטשעניק אין מויער איז געוואָרן אַ שפּיטאָל. דעם רבינס קינדער און די רביצין חיילה ז״ל זענען אַריין אין בית המדרש וואוינען. דער יודן־ראַט און פּאָליציי האָבן אָנגעהויבן אויספירן די אָרדנונג פון הערשער פּאָלק. דאָס ביסל יידן האָט מען אַריינגעפּאַקעוועט אין אַ פּאָר שמאָלע געסלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן פון די גרודעס ביז דער באָד, אַזוי האָבן די בערעזנער יידן און פון דער אַרומגעגנד אָנגעהויבן ליידן הונגער און קעלט און די שווערע האַנט פון היטלער־פּאָלק און זיינע אוקראַינישע משרתים און צום גרויסן ווייטיק אויך די שררה פון פון די אומגליקליכע יודן־ראַט מיטגלידער און אייניקע יידישע פּאָליציאַנטן (אַ טייל פון זיי ווי יחיאל שוחט, האָבן זיך זייער גוט אויפגעפירט, ליידער קען מען עס ניט זאָגן איבער אַנדערע פון זיי). די סאַניטאַרישע באַדינגונגען זענען געווען זייער שלעכטע. אויפן איינציקן שטיקל מאַטראַץ האָט מען אַלץ געטון, דאָס איז געווען דאָס איינציקע מעבל אין געטאָ. מענטשן האָבן געקליבן קראַפּיווע און געגעסן. ראַסל מעדוועד איז געגאַנגען פון האַראַדיטשטשע מיט אַ עוף און אַביסל קאַרטאָפל פאַר די קינדער האָט זי געטראָפן אברהם דער גראַף, וועלכער האָט זי גע־שלאָגן און געפייניקט (מען האָט אים געטויטעט איז אַ צייט אַרום). אין אַ צייט אַרום האָט מען אָנגעהויבן שיקן אַרבייטער קיין קאַסטאָפּאָל, דאָרטן זענען זיי אומ־געקומען אין דערזעלבער צייט מיט די יידן פון קאַסטאָפּאָל ביי דער אַקציע פון דער געסטאַפּאָ. צווישן די אומגעקומענע: יוסף אזארוב, אשר שעכטערמאַן. פיל פון זיי זענען אַוועק אין די וועלדער, אָבער אַ טייל פון זיי האָבן באַקומען זייער טויט אין וואַלד (לייבל קרופּקע).

דער יאָרצייט פון די בערעזנער קדושים ווערט גערעכנט י״ב אלול. די אַקציע איז געפירט געוואָרן אין צווייראַטן. אָנגעפירט מיט דער אַקציע האָט די געסטאַפּאָ מיט דער הילף פון די אוקראַינער. אויסגעצייכנט האָט זיך אַ געוויסער ר י מ ע ר, אַן אוקראַינער, וואָס האָט קודם אויסגעזאַפּט ווי א ביסל געלט און צירונג און קליידונג ביי די בערעזנער אומגליקליכע יידן און דאַן אַנטייל גענומען אין דער רציחה פון די קרבנות. ער האָט באַקומען זיין געצאָלט פון זיינע בעלי בתים: זיי האָבן אים געשאָסן צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, זעט אויס פאַרשפּאַרן קוילן די אויפמאַרשירנדע רוסישע כוחות, וואָס האָבן זיך נאָכער ביטער נוקם גע־ווען אין די אוקראַינישע באַנדיטן. אפשר איז עס געווען אויך, ניט איבערלאָזן קיינע שפּורן פון די אוקראַינער, וואָס האָבן געחלומט וועגן אַ זעלבשטענדיקע אוקראַינישע מדינה...

(באַארבייט דורך ד״ר ג. ביגיל)

## ברכה שמוקלער דערציילט

עס איז געווען אַ דינסטאָג. אין בערעזנער געטאָ האָט קיינער ניט צוגעמאַכט מיט אַן אויג. מען האָט געפילט די כמאַרע רוקט זיך אונטער... פאַרטאָג איז גאַנץ בערעזנע און די גרויסע געטאָ געווען אַרומגערינגלט מיט אוקראַינישע באַנדיטן

מיטן געוועער אין האַנט. מען טרייבט אונדז אין דער קליינער געטאָ! די געווינען און ספּאַזמען און געוואָלדן האָבן געריסן הערצער, אָבער די חוליגאַנעס האָט עס ניט געריירט. איך בין אַנטלאָפן צום ברודער אין געוועלב און מיר האָבן זיך באַהאַלטן אַזוי דריי טעג אָן עסן און אָן וואַסער. ביז מען האָט אונדז דערשנאַפּט און אַרויסגעשלעפּט אין דרויסן. אין אַ פּאָר שטונדן וועט איר אויסגעלייזט ווערן פון לעבן — זאָגט אונדז דער יידנפּרעסער קלענס. מיר האָבן געבעטן וואַסער — אין הימל וועט איר אַלץ באַקומען... איז געווען דער ענטפער. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין אַ פינסטער חדרל פון טורמע. מען האָט אונדז געשלאָגן מיט פּערעקלאַדן. פאַרטאָג זענען געקומען עטליכע אוקראַינער, וועלכע האָבן אונדז קודם געהייסן אויסזאָגן וועגן געלט אָדער אַנדערע זאַכן זיי אָפּגעבן און דאַן אונדז געהייסן מאַרשירן. איך בין געווען די לעצטע פון אַלע, וועלכע זענען אַרויס און זיך אַ לאָז געטון לויפן און געפילט אַז מען לויפט מיר נאָך. איך בין אַריינגעלאָפן אין אַ ראַוו און איבערגעלעגן אַ צייט. אַזוי בין איך געקראָכן אַלץ ווייטער ביז כ׳בין אַריין אין אַ געדיכט וועלדל און נאָר די לבנה האָט מיר נאָכגעבליקט. ס׳איז געווען ניט ווייט פון הייזער, ווייל מען האָט געהערט קרייען הענער און הינט בילן. איך האָב פאַרלוירן די כוחות און איינגעשלאָפן. איך האָב נעבן מיר געזען אַן אַלטן פּויער, וואָס האָט מיט מיר מיטלייד געהאַט און מיר געוויזן די וועג צום פּאַליאַנער וואַלד וואו נאָך אַ פּאָר יידן געפינען זיך. ער האָט מיר צוערשט געגעבן ברויט מיט וואַסער, דאַן מיר געפירט צום וואַלד. דאָרטן איז געווען אויך וועלוויל ווײַנשטיין. פון דאַן האָב איך אָנגעהויבן אַ וואַלד לעבן.

## אברהם סלעפוי דערציילט

טישיצע, אַ דאָרף נעבן בערעזנע. אָבער פאַר מיר איז עס ניט געווען סתם אַ דאָרף. דאָרט האָבן געלעבט מיינע בעסטע און ליבסטע. און מיט ציטער האָב איך מיר צוגעהערט צום ראַדיאָ, הערן אַז אויך דער דאָרף איז שוין צוריק אין די הענט פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט מאַרשירט פאָרויס, נאָך די נצחונות פון סטאַלינגראַד. איך זעלבסט בין געווען פון בערעזנע און אָט האָב איך געהערט, אַז בערעזנע איז באַפרייט. אָבער איך האָב באַקומען ידיעות, אַז קיינער פון מייניקע לעבן ניט מער. האָב איך מיר געלאָזט אין וועג קיין פוילן. ווען איך בין אַריבער די פּוילישע גרענעץ, האָב איך מיר געטראָפן אין אַן אָוונט מיט בערעזנער און פון זיי האָב איך מיר דערוואוסט, אַז מיין פעטער יצחק לעבט און געפינט זיך אין ביטום. ער איז איצט 86 יאָר אַלט. און אָט וואָס ער דערציילט:

ווען די אוקראַינער האָבן דערשפּירט, אַז דער דייטש איז נאָנט, האָבן זיי אָנגעהויבן רויבן די יידישע פאַרמעגנס און שלאָגן יידן. מען האָט אָן אַ דערלויבניש ניט געטאָרט פאַרלאָזן די שטאָט. איינמאָל האָט אַ פּויער געכאַפּט פייגל טורקאָוויץ מיט איר שוועסטער אויפן וועג קיין טישיצע און זיי מערדערליך געשלאָגן און זיי פאַרשלאָסן אין אַ צעבראָכענער שטוב. דער פעטער יצחק האָט זיך דערפון דערוואוסט,

געגאַנגען ביי נאַכט צום שטוב, אָפּגעבראָכן דעם שלאָס און זיי באַפרייט. זיין פרוי רחל פּלעג טראָגן פּעקלעך עסן אין געטאָ אַריין. מען האָט זי איינמאָל געכאַפּט און די בענדעראָווצעס האָבן זי גוט געשלאָגן. איין טאָג פאַרן ליקווידירן די געטאָ, איז זי אַריין אין געטאָ, וואו מיינע עלטערן זענען געווען דאָרטן און זיך מער ניט אומגעקערט...

12 טעג אין אלול האָט מען אַלעמען גענומען צו די ברודער קברים און צו גרופּנווייז פון 50 מענטשן האָט מען צוגעפירט צום גרוב און געשאָסן. דאַן געבראַכט אַ צווייטע גרופּע א.א.וו... געפירט האָבן זיי 10—15 אוקראַינער מיט איין דייטשן זעלנער באַוואָפנעט. מיין פּאַטער, זיין שוואָגער מיט זיין פרוי האָבן זיך אויסבאַ־האַלטן אויף אַ בוידעם, אָבער אַ גערטנער מאַקאַר האָט זיי געמסרט און מען האָט זיי צו מאָרגנס געפירט אין זעלבן וועג פון וואַנען מען קומט ניט מער צוריק. דער פּעטער יצחק האָט זיך דערוואָוסט פון דער שחיטה אין בערעזנע, איז ער געלאָפן קיין מאַלינסק, וואו פיל בערעזנער יידן האָבן געאַרבייט מיט זייערע פרויען, ער האָט געזען יידישע מיליץ איז געקומען זיי נעמען קיין בערעזנע לויטן באַפעל פון די דייטשן בכדי זיי ליקווידירן צוזאַמען מיט די בערעזנער יידן. דער פּעטער איז אַוועק אין פעלד אָפּוואַרטן ביז מען וועט זיי דורכפירן בכדי ער זאָל זיי קענען אַרויסראַטעווען. ער האָט געוואַרט אויף דעם וועג וואָס פירט קיין מאַלינסק. פאַר־נאַכט האָט ער דערזען ווי די יידישע פּאָליציאַנטן פירן די יידן, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און דערציילט די יידן וואָס עס האָט פּאַסירט אין בערעזנע. די פּאָליציאַנטן האָבן אים געוואָלט שלאָגן און אויך נעמען קיין בערעזנע און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן די פּאָליציאַנטן מיט די יידן. איבערהויפּט האָט אברהם דער גראַף געקעמפט פאַר מיטשלעפּן יידן נאָך בערעזנע. אייניקע יידן האָבן דאָך אים ניט געהערט און אַוועק קיין בערעזנע און דאָרטן געפונען דעם טויט. די מערהייט אָבער איז געלאָפן אין וואַלד.

## דאס לעבן אין וואלד

דאס לעבן אין וואלד איז געווען זייער שווער, ווינטער, גרויסע קעלטן אָן אנטון, אָפּגעריסן, אין הילצערנע ביידלעך, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געמאַכט. בייטאָג איז מען געלעגן אין די ביידלעך און ביי נאַכט איז מען געגאַנגען זוכן עפּעס עסן. איינמאָל זענען אויף זיי אָנגעפאַלן בענדעראָווצעס. זיי האָב געשאָסן און מיין פּעטער איז פאַרוואונדעט געוואָרן און ווייטער געלאָפן, האַלטנדיק אַ קליין מיידעלע האַנצע קיפּערוואַס פון טישיצע (אַן אייניקל). ווען ער האָט געזען אַז ער איז אויסער געפאַר, האָט ער ערשט געזען אַז דאָס קינד איז טויט. ווען די רוסן זענען צוריקגעקומען אין דער געגנט, האָט זיך פּעטער יצחק צוריקגעקערט אין דאָרף טישיצע. פאָרנדיק איינמאָל מיט אַ פויער, האָבן זיי באַגעגנט אַ 200 בענדעראָווצעס. זיי האָבן ניט דערקענט, אַז ער איז אַ ייד. זיי האָבן אים געפרעגט, אויב אין דאָרף געפינען זיך די רוסן, האָט ער זיי געענטפערט אַז יאָ! דאַן איז ער געלאָפן אין

דאָרף און איבערגעגעבן דעם יידישן קאָמאַנדיר ווענן דעם. זיי זענען אַרויס אָפּזוכן די בענדעראָווצעס און פיל פון זיי זענען געפאַלן אין קאמף וואָס האָט זיך אַנט־וויקלט צווישן די רויטאַרמייער און די אוקראַינצעס. אויך אין בערעזנע האָט דער אַלטער פעטער אויסגעזוכט די רוצחים און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער רויטער אַרמיי. אַזוי האָט דער יידישער קאָמאַנדיר געהארגעט צוויי רוצחים אין בערעזנע לויט זיין אנווייזונג. נאָך אַזעלכע איבערלעבענישן איז מיין פעטער גע־קומען קיין פוילן און ענדע 1950 יאָר איז ער געקומען קיין ישראל און געפינט זיך אין כפר סטריא ביי רחובות ביי אבא סלעפוי.

## עדות זאגן פון יצחק טישיצר אטשטין

נעבן מאלינסק, אין זאאדקע, האָבן געאַרבייט אַ 130 יידן פון בערעזנע און דער אַרומגעגנד ביי גראָבן טאָרף. דינסטאג, דעם 13טן אלול (י״ג אלול, אַ טאָג נאָך דער בערעזנער אויסראָטונג, זענען געגאנגען עטליכע יידישע פּאַליציאנטן פון בערעזנע, צווישן זיי: אברהם סופר (דער גראף), יצחק בת שיוועס, הרצל משה מארימס, משה דודס זון פון די ליפקעס און איינער, וואָס געפינט זיך איצט אין ישראל, וועלכער איז אונז באוואוסט). צווישן די אַרבייטער האָבן זיך געפונען: יונה קיפּערוואַס איידעם פון טישיצע, דוד און אשר קיפּערוואַס מיט פרוי און טאכטער, ביריל בעלעגלה, יונה לורצמן פון ווירליוווקע, אבא גורנשטיין מיט זיין פרוי און פיל יידן וואָס דער דערציילער געדיינקט ניט. פיל פון זיי לעבן ניט מער. פיל פון מאלינסק. אַז יצחק טישיצער האָט געשריגן צו די יידן אַז די פּאַליציאנטן פירן זיי צו דער אויסראָטונג און אַז אין בערעזנע האָט מען מיט אַ טאָג פריער באַרניכטעט אַלע יידן, האָבן די פּאַליציאַנטן זיך געוואָרפן אויף דעם אַלטן, אָבער די יידן האָבן גוט געשלאָגן אברהם דעם גראף און יעדער האָט אָנגעהויבן לויפן אַוואו ער קאָן. עטליכע יידן זענען דאָך מיטגעגאנגען מיט דער פּאָליציי און פּאַר־שטענדליך דערמאָרדעט געוואָרן אַזוי גוט ווי די פּאָליציי, וואָס האָט מיטגעאַרבייט מיט די מערדער. ווי געזאָגט, איז איין יידישער פּאָליציאנט אַנטלאָפן מיט די איבע־ריקע יידישע אַרבייטער און געפינט זיך אין ישראל. עס זענען נאָך געווען דאָרט תניה דעם מנקרס אַן אייניקל, הרציל דעם באגריבערס זון מיט זיין פרוי און נח פאליאנעס דריי זון, איינער מיט זיין פרוי און קינד.

צו שאנד און שפּאָט די אַלע וואָס האָבן מיטגעאַרבייט מיט דעם גרעסטן שונא פון יידנטום, סיי די וואָס האָבן זייער שטראף באקומען פון די היטלעראָווצעס אַליין מיט זייערע אוקראַינישע מיטאַרבייטער, סיי פון פּאַרטיזאנער און אויך די, וואָס דרייען זיך נאָך אַרום מיט חוצפּה אויף גאָטס וועלטל!

כבוד און ערע די אַלע וואָס זענען געשטאנען בנסיון און אויסגעוויילט דעם טויט איידער מיטאַרבייטן מיטן שונא און לעבן אויפן רעכנונג פון אומגליקליכע ברידער!

לויט ווי פיל דערציילן, איז דער דייטשער קאָמיסאר פון בערעזנע ניט געווען

קיין רשע. ער פלעג איינשטיין ביי רב יצחק טישיצער אין הויז. און אַז ווען די אַקציע (די אויסראָטונגס־אַקציע) איז פאָרגעקומען אין בערעזנע, איז ער אַראָפּ־געקומען אויפן וועג פון טישיצע און געהייסן רבי יצחק אַוועק פון הויז, ווייל אַנדערש וועט מען אים טויטן. אויך האָט ער דערציילט, אַז ער פאָרט מעלדן דרייסיק יידן וואָס אַרבייטן ניט ווייט ביי אויפרייסן די באַפעסטיקונגען, וואָס די פּויילישע אַרמיי האָט מיט אַ צייט צוריק געבויט, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן קיין בערעזנע און האָט צוגעגעבן: דו קענסט גיין זיי זאָגן, אַז זיי זאָלן זיך צולויפן, ווייל מען וועט זיי טויטן, אָבער איך מוז זיי מעלדן זיך צוריקקערן. לײדער האָבן זיי ניט געגלויבט די וואָרנונג פון רב יצחק און זיי זענען צוריק געגאַנגען נאָך בערעזנע און גלייך אין די ליפּקעס האָט מען זיי פאַרנומען און גלייך אין די גרובן געוואָרפן.

דער הונגער איז געווען גרויס אין בערעזנער געטאָ. ניט איינמאָל האָט רבי יצחק צוזאַמען מיט נאָך אַרבייטער אויסגעגראָבן קאַרטאָפל און אַנדערע גרינסן און געבעק ברויט געשיקט נאָך בערעזנע און די מענטשן האָבן זיך געטיילט מיט דעם אַלעמען, ביז איין טאָג האָט דער פויער צוריקגעבראַכט אַלעס, געזאָגט אַז בערעזנע איז אַרומגערינגעלט, מען לאָזט ניט אַריין אין שטאָט און זעט אויס, מען טויטעט די יידן...

ער דערציילט, אַז ביים קאָמיסאַר האָט געדינט אַ יידישער פורמאַן און זיין שוועסטער איז געווען אַ קעכין. איין טאָג איז דורכגעפאָרן אַ הויכער דייטשער אָפיציר און זעענדיק דאָס יידיש מיידל, האָט ער איר געשאָסן. דער קאָמיסאַר האָט דאַן דערציילט דעם פורמאַן אַז זיין שוועסטער איז שוין טויט, איז ער פאָר גרויס ווייטיק געלאָפן צום אָפיציר און מיט טרערן געפרעגט: פאַרוואָס האָסטו געהרגעט מיין שוועסטער? אַלס ענטפער האָט ער באַקומען אַ קויל אין קאָפּ.

אין קאַמף צווישן די יידישע אַרבייטער פון קאַסטאָפּאָל און די יידישע פּאָלי־ציאַנטן האָט זיך געפונען אברהם דער גראף (סופר) און פיל אַנדערע (מיר דערמאָנען זיי אין אַ צווייטן פּלאַץ), זענען זיך פיל צולאָפן און דער „גראף" האָט צוגעהאַלטן רב יצחק דעם טישיצער און געזאָגט: דו ביסט ביי מיר אַרעסטירט! וויפיל ער האָט אים געבעטן: אברהם, קום אויך מיט, לאָמיר אַנטלויפן, די דייטשן וועלן דיר טויטן! און דער פּאָליציאַנט איינמאָל ניין! ביז אַ טישיצער ייד האָט זיך אויפגערעגט, פאַרוואָס ער פאַרהאַלט דעם אַלטן און אים דערלאַנגט מיט אַ צווייג איבערן קאָפּ און יענער איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און יצחק אטשטיין האָט געקענט אַנטלויפן. נאָך אַ פּאָליציאַנט האָט זיך געלאָזט איבעררײדן און איז איבערגעגאַנגען אין דער זייט פון די קרבנות און צוזאַמען מיט זיי אַנטלאָפן אין וואַלד, און איצט געפינט ער זיך אין ישראל. (וועגן דער יידישער פּאָליציי באַזונדער!)

פון די אוקראַינער איז צוערשט געווען רימער דער גאַלאָווע. די יידן זענען מיט אים אַדורכגעקומען. אַ געוויסער שפּילקין האָט זיך זעט אויס אַרויסגעוויזן מער איבערגעגעבן צום דייטשן פאַרכאַפּער און מען האָט אָנגערעדט אויף רימערן און

ער מיט דער גאנצער פאמיליע זענען אויסגעהרגעט געוואָרן אין אַ געוויסן אָונט. אויף זיין פלאץ איז געקומען שפילקין.

## בערעזנער יידן אין דער רויטער ארמיי און פּאַרטיזאנקע

ביים אָפּטרעטן פון ווייסרוסלאנד זענען מיטגעגאנגען מיט דער רויטער אַרמיי בערך 40 יידישע יונגוואַרג. קלענער איז געווען די צאָל פון די יידישע יוגנט, וואָס זענען געווען מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי, צווישן זיי שמעון שפּין (געפאַלן אין קאמף), סענדער מעדוועד (איבערגעגאנגען אין אַרבייטס גרופּן), מרדכי פוקס און פיל אנדערע. די יידן וואָס האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט אין די וועלדער, מיט פרויען און קינדער זענען געווען אַ יאָך פאר די פּאַרטיזאנער. אויב אַ טייל פון דער יידישער יוגנט איז אַריין אין די פּאַרטיזאנער גרופּן און מיט געווער אין האנט געקעמפט קעגן מערדערישן שונא און זיך אפילו אויסגעצייכנט אין קאמף און געווען אַ ביישפּיל פון העלדשקייט און מוט, זענען ליידער אייניקע פון זיי ניט ראוי געווען צו דער גרויסער שעה פון קאמף און נקמה. די הילף פון די רוסישע פּאַרטיזאנער איז געווען גרויסמוטיק: מען האָט געשיקט אַן אעראָפּלאַן פון מאָסקווע, וועלכער האָט געדאַרפט איבערפירן די יידישע קינדער קיין מאָסקווע און אַזוי אַרום דער־מעגליכן די עלטערן אנטייל נעמען מיט אַ פרייען קאָפּ אין דעם קאמף קעגן שונא. דער ערשטער אַעראָפּלאַן איז שפּיציק אַרונטערגעגאנגען אויפן באַבער און די רוסן האָבן אים געמוזט אונטערצינדן. אַ צווייטער אַעראָפּלאַן איז געקומען אויף זיין פלאץ און איבערגענומען די קינדער קיין מאָסקווע.

דעם 6־טן נאָוועמבער 1943 האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאס זיץ־אָרט פון מעדוועדעווס אטריאד און געעפנט אַ געדיכטן פייער. די פּאַרטיזאנער האָבן געמוזט



יוסף גולוב ז״ל

אויפנעמען דעם קאַמף כאָטש די מוניציע איז געווען זייער אַ באַגרענצטע. פּייוול שרייבער, דער 18־יעריקער פּאַרטיזאַן פון בערעזנע—וואָהלין, זעענדיק די לאַגע קריטיש, רייסט זיך אַרויס אין פאָרויס און עפנט אַ העליש פייער פון זיין אויטאָמאַט אין זייט טויט צווישן די דייטשע באַנדיטן. דער ביישפּיל פון יונגן פּאַרטיזאַנער וועקט מוט ביי דעם קליין הייפעלע שוואַך באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער, וועלכע וואַרפן זיך פאָרויס און פאַרטרייבן דעם איבערוויגנדן שונא און אויפן שלאַכט פעלד בלייבן פיל טויטע דייטשן און פיל געווער. פּייוול שרייבער פאַלט אין שלאַכט פון שונאס קויל. אויפן קבר פון העלד איז דער קאָמאַנדיר מעדוועדעוו אַרויס מיט אַ טרויער רעדע און גערופן נעמען אַ ביישפּיל פון יונגן העלד, וועלכער איז געפאַלן אין קאַמף פאַר פרייהייט און געראַטעוועט דעם אָטריאַד.

יוסף גאָלוב, פאַרטרעטער פון אויסשפּיר קאָמאַנדיר פון מעדוועדיעווס אָטריאַד, האָט אין דער נאַכט פון 31־טן דעצעמבער 1942 אָנטייל גענומען צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן אין דעם אַנפאַל אויף ליודוויפּאָליער דייטשן גאַרניזאָן. אין דעם קאַמף האָט מען גענומען געפאַנגען עלף ס.ס.־לייט און אין דאָרף ביסטריץ זיי צעפּערטלט...

דיזעלבע יידישע גרופּע האָט געמאַכט אַ לויערונג אויפן וועג בערעזנע—ביסטריץ, וואו עס האָבן געדאַרפט דורכגיין צוועלף אוקראַינישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן גענומען אַקטיוון אָנטייל אין דער בערעזנער און ליודוויפּאָליער שחיטה. כאָטש בלויז דריי יידן זענען געווען באַוואָפנט מיט געווער, איז זיי דאָך געלונגען נעמען אַלע צוועלף רוצחים לעבעדיקערהייט אין פּלען און זיי נאָכער געבן די פאַרדינטע שטראָף. גאָלוב אָרגאַניזירט די בלאָנקענדע יידן אין די וואַלינער וועלדער, העלפט זיי באַקומען און קויפן געווער און נאָכער העלפט זיי איינגלידערן אין די אָטריאַדן פון יענעם ראַיאָן. נאָך דעם געלונגענעם אַנפאַל אויף די אוקראַי־נישע פּאָליציאַנטן־מערדער האָט זיך די אויסראָטונגס־אַקציעס אָפּגעשטעלט פון יידן אין יענער געגנט.

נאָכדעם ווען די רוסן האָבן צוריק פאַרנומען די ווייסרוסישע געגנט האָבן די יידישע פּאַרטיזאַנער אויסגעזוכט די אוקראַינישע אַקטיווע מערדער און זיי איבערגעגעבן אין געריכט. וואָווע ליכצייגער האָט אויסגעפּערטיגט דריי אוקראַי־נישע רוצחים מיט די אייגענע הענט. אייניקע זענען אויסגעגעבן געוואָרן דורך סענדער שפּין א. א. אָבער די רשימה איז אַזוי גרויס אַז דאָס קליין הייפעלע ניצולים האָבן ווייניק געקענט אויפטון קעגן מאַסן מערדער. אָן דער מיטהילף פון דער אוקראַינישער אַנטיסעמיטישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געלויערט אויפן יידישן האָב און גוטס, וואָלטן די דייטשן ניט געקענט אויסראָטן מיליאָנען יידן. צוויי דייטשן אין אַ שטעטל וואָלטן אפילו מורא געהאַט פאַר זייער אייגן לייב...

און צו אונזער גרויסער חרפּה און ווייטיק האָבן אמת אַ קליין הייפעלע פון יידן ווער מיט געדאַנק באַקומען נאָך אַ שטיקל ברויט, אָדער אפשר געגלויבט אַז אויפן חשבון פון אַנדערע וועט זיי געלינגען ראַטעווען זייער הויט מיטן חסד פון יידן מאַסן מערדער. און זאָל עס געזאָגט ווערן: אין דער זעלביקער צייט, ווען אַ טייל יידן

האָבן אין די דייטשע טויט־לאַגערן און געטאָס געראַטעוועט זייער לעבן פאַרן פּרייז פון די לעבנס פון אַנדערע יידן, האָבן יידישע פּאַרטיזאַנער טאָג טעגליך ריזיקירט מיטן לעבן און באַצאָלט מיטן יונגן לעבן בכדי ראַטעווען יידן, נעמען נקמה פון יידישע מערדער, העלפן דער רויטער אַרמיי אין קאַמף מיט פעלקער שונא, ראַטעווען דעם נאָמען און ערע פון ייד. ערע דעם אָנדיינק פון אונזערע העלדישע יידישע און ניט יידישע פּאַרטיזאַנער און קעמפער פאַר דער פרייהייט. צו אייביקער שאַנדע די דייטשע רוצחים מיט זייערע אוקראַאינישע, פּוילישע און אַנדערע מיטאַרבייטער. צו שאַנד און שפּאָט די יידישע מיטאַרבייטער מיטן גרעסטן יידישן שונא.

## לייבל באַרדער דערציילט

אָנהויב אלול 1942 האָט מען אַלע בערעזנער יידן פאַרטריבן אין געטאָ. אין פּריסטאַווע גאַס, נעבן די גרודעס. דינסטאָג, צוועלף טעג אין חודש אלול, פיר פאַר־טאָג האָט מען אַלעמען אויפגעוועקט, אַזוי צוזאָגן צו דער אַרבייט. אָבער אין דער אמתן האָט מען אַלעמען פאַרפירט אין אַ פאַרגרייזערטן פּלאַץ וואו אוקראַאינצעס האָבן שוין געוואַרט ווי די חיות רעות אויף זייערע קרבנות... מען האָט אַלעמען אַרויסגעפירט אויף דער גאַס קאָמיסאַרסקע און נאָכער פאַרקערעוועט אויף רעכטס צום בית הקברות. אַ געוויינעריי און אַלאַרם ביזן הימל האָט זיך אויסגעמישט מיט די געשלעג פון דער פּאָליציי און אַזוי איז מען פאָרגעגאַנגען צום בית הקברות, וואו דריי גרייטע גרובער זענען געווען. גאַדל גוז, דעם קצב׳ס, האָט אַ געשריי געטון: יידן, לאָמיר זיך ניט לאָזן הארגענען, מען פירט אונז פון אַזאַ שיינער וועלט אין גרוב — אָבער מען האָט אים גלייך דערשאָסן און די מענטשן זענען מוטלאָז געוואָרן און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די שחיטה. ניט אַלעמען האָט מען דעם זעלבן טאָג געטויטעט, די איבעריקע האָט מען פאַרפירט אין פּאַרק און דאָרטן האָבן זיי איבערגענעכטיקט. פילע האָבן געדאַכט, אַז מען וועט מער ניט פאַרניכטן, אָבער אויף מאָרגן זענען די אילוזיעס אַוועק און צו מאָרגנס האָט מען אַוועקגעפירט דאָס איבערגעבליבענע ביסל יידן, פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער, האָבן אויסגעטון פון זיך די קליידער און מערדעריש אויסגעהרגעט געוואָרן דורך די אוקראַאינער. לייבל באַרדער און נאָך אייניקע יידן האָבן געאַרבייט ביי די דייטשן. נאָכדעם ווי זיי האָבן געהערט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אַלע יידן, זענען זיי אַנטלאָפן אויף די חוטאָרעס און דאָרטן האָט זיי אַן אַלטע פּויערטע געגעבן ברויט און זיי אויסבאַהאַלטן. אַרום צען אין דער נאַכט האָט מען געזוכט נאָך אַנטלאָפענע, און אונזערע מענטשן האָבן זיי געזען און זיי האָבן אונז ניט באַמערקט. מיר זענען פון דאָרטן אַוועק אויפן וועג קיין סאַרנע. דאָרטן האָבן מיר געהערט, אַז מיט אַ וואָך צוריק האָט מען אַלע סאַרנער יידן אויסגעהרגעט. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און דאָרטן זיך באַגעגנט מיט מאַטקע קאַגאַן. דער לעצטער איז אין אַ געוויסן טאָג פאַרשלעפּט געוואָרן דורך אַ פּויער און געטויטעט. קאַגאַנס טאָכטער איז געבליבן ביי אַ פּויער אויפן חוטאָר. אין אַ געוויסן טאָג זענען די פּאַרטיזאַנער געקומען אין דער געגנט און אַלע יידן איבערגעשיקט טיף אין רוסלאַנד. באַרדער

איז אַריין אין דער פּאַרטיזאַנקע און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט. איצט אין ישׂראל.

יוכבד ביגיל דערציילט: אַן אוקראַינער האָט מיר געצוואונגען לויפן פון זירנע אַ גרויסן מרחק און ער איז נאָכגעלאָפן מיט אַ ראָווער. אַז בערעזנע איז באַפרייט געוואָרן, האָט יוניק סאַפּאַזניק איבערגעגעבן דעם אוקראַינער צו דער מאַכט און די רוסן האָבן אים געגעבן די העכסטע שטראָף: טויט.

## בערעזנע אין אונטערגאַנג

געזאַמלט מאַטעריאַל פון איבערגעבליבענע שׂרה בילענקו

אויך בערעזנע ווי אירע שוועסטער קאַסטאָפּאָל, סטעפּאַן און אַנדערע יידישע קהילות פון וואָהלין האָט געטרונקען פון ביטערן בעכער, וואָס די דייטשע מערדער האָבן דערלאַנגט די חסידישע און קולטורעלע בערעזנע. ס'וועט קיין טינט ניט קלעקן צו באַשרייבן די איבערלעבענישן פון בערעזנע אין דער קורץ־לאַנגער צייט פון דייטשער אָקופּאַציע. מיר ווילן איבערגעבן אייניקע פּרטים וואָס אונז איז באַקאַנט פון אונטערגאַנג פון בערעזנע:

באַלד אין ערשטן חודש פון קריג (סעפּטעמבער 1939) האָבן די פּאָליאַקן פאַר־לאָזט בערעזנע און די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען בערעזנע און איר אַרומגעגנט און האָבן איינגעפירט די סאָוויעטישע אָרדנונג. אַ גרויסע טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַלס סוחרים שטאַנד זענען ניט געווען שטאַרק „באַגייסטערט" פון דער אָרדנונג... פאַרקערט, די מערהייט פון דער בערעזנער יוגנט זענען גע־וואָרן קאָמסאָמאָלצעס. די תּרבות שול האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ יידישער שול (יידישע אונטעררעכט) און ווי געזאָגט, די פינף טויזיקע יידישע בערעזנע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „רויטער" בערעזנע.

בערך אַנדערטהאַלב יאָר האָבן די רוסן געהערשט אין שטאָט און אינמיטן 1941 האָבן די רוסן זי פאַרלאָזט און די דייטשן זענען אַריין אויף זייער פּלאַץ.

אַ פערציק יוגנטליכע זענען מיטגעגאַנגען מיט די רוסן (די פון קאָמסאָמאָל), אָבער די גאַנצע מאַסע האָט זיך ניט גערירט. (זיי האָבן זיך ניט גערעכנט אויף אַזאַ סוף פון די דייטשן — אין ערשטן קריג זענען איינגעשטאַנען אין בערעזנע אַ גאַרניזאָן דייטשן און האָבן קיין שלעכטס ניט געטון דער באַפעלקערונג. די מער־הייט האָבן געבאַקט ברויט פאַר זייער אַרמיי און זיך געשפּייזט. זעט אויס, אַז די אומגליקליכע האָבן געקלערט אַז דאָס זענען די זעלבע דייטשן, ניט קוקנדיק וואָס מען האָט זיך שוין אָנגעהערט פון היטלערס מעשׂים אין דער וועלט...).

זיי האָבן ניט חושד געווען אַן אַלגעמיינע רציחה, און ווען זיי האָבן זיך שוין געכאַפּט, וואָס די היטלעריסטן דיינקן צו מאַכן מיט די יידן, איז שוין כמעט געווען שפּעט... ביים אַוועק האָבן די רוסן צושטערט וואָס זיי האָבן נאָר באַוויזן, און ווען די דייטשן זענען אַריין, האָבן זיי מיט דער דייטשער פּינקטליכקייט צוגעגרייט רשימות פון מענטשן און פאַרמעגן אין שטאָט און אין דאָרף. צווישן די יוגנטליכע וואָס דער דייטש האָט מאָביליזירט צו דעם צוועק, האָט זיך געפונען די חברטע

שרה בילאַנקו. זייענדיק אין אַ דאָרף צווישן לוצק און דראזנע, האָט זי געהערט וועגן אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע, וואָס קאָנצענטרירט זיך אין די נאָהנטע וועלדער און איז אַנטלאָפן פון דאָרף אין וואַלד.

זי האָט אויסגעפונען אַ גרופּע פון 200 זעלנער פאַראַשוטיסטן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון רוסלאַנד אין דער געגנט מיט געווער צו קעמפן קעגן די דייטשן אין רוקן. ניט לייכט האָט מען אונז אָנגענומען אין די פּאַרטיזאַנער, מיר האָבן נאַטירליך געזאָגט, אַז מיר קענען זיך באַגיין מיט געווער. מיט שוועריקייטן האָט מען אונז אָנגענומען אין דער פּאַרטיזאַנען גרופּע. און איצט האָבן זיך אָנגע־הויבן די ריכטיקע צרות. די אַטמאָספער איז צומאָל געווען פיינדליך, ביטול און חשד ווי אַלס צו יידן... מיט אַ צייט האָבן זיך באַוויזן נאָך אייניקע בערעזנער, און פון זיי אַלע האָבן מיר געהערט וואָס די דייטשן האָבן געטון מיט די יידן פון פיל שטעטלעך און מיט די יידן פון בערעזנע:

ערשטנס האָט מען געשאַפן אַ געטאָ און דאָרט אַריינגעפּאַקעוועט אַלע יידן, די הייזער פון די רבנים פעצעניק און טויבמאַן אַריינגערעכנט. געשאַפן אַ יודן־ראַט און אייניקע יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געדאַרפט אויספילן די באַפעלן פון די דייטשן, צושטעלן אַרבייטער א.א.וו. (די מערהייט האָבן זיך ווי אין אַלע שטעטלעך אַריינגעלאָזט אין מיאוסע אויפטוען קעגן די ברידער, זיי צוגערויבט די אָרימע פּאַרציע, וואָס דער דייטש האָט „באַוויליגט" פאַר זיי, אַנדערע האָבן אָפּגעצאַפּט געלט און אַנדערע זאַכן און אַפילו מיאוסערע זאַכן).

ביטער און פינסטער איז געווען די יידן און זיי האָבן געשלעפּט דעם יאָך, הונגעריקע און אָפּגעריסענע אין קעלט געאַרבייט אַזוי פרויען און מענער, געהאָפט איבערקומען די צרות, אַנדערע ווידער האָבן געבעטן אויפן טויט, נאָך שווערע אַרבייטס־טעג און מיט אַ שיטערן זופּ מיט 100 גראַם ברויט. די וואָס האָבן זיך גע־ראַטעוועט פון גרוב, האָבן אַנגסט געהאַט צו ריידן אפילו פאַר אונז, אָט אַזאַ מורא און פחד איז געפאַלן אויף די מענטשן. נאָך אַזאַ צייט פון קאָשמאַר לעבן האָבן די מענטשן שוין זייענדיק אויף דער „פריי", אין פרייען וואַלד, זיך געפילט ווי געפּענטעט. אָבער לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָבן זיי אָנגעהויבן דערציילן:

י"ב אלול תש"ב (1942) האָבן די אוקראַינישע און דייטשע רוצחים אַרומגע־רינגלט די געטאָ, אַרום פינף פאַר טאָג. זיי האָבן מיט כוח אַרויסגענומען די יידן פון זייערע נאָרעס, קינדער און עלטערע און אפילו קראַנקע, און מיט מערדעריש־קייט זיי געשלעפּט אין מיטן מאַרק. צוטיילט פרויען באַזונדער און מענער באַזונ־דער אויסערן שטאָט אויפן וועג וואָס פירט צו דער סטאַנציע מאַקווין. און אַ קילאָ־מעטער ווייט פון פּוילישער שולע האָבן זיי באַמערקט דריי גריבער, וואָס די אוקראַינער האָבן צוגעגרייט פאַר זיי. דאָרטן האָט מען געשאָסן אין זיי און אַ טייל נאָך לעבעדיקע און פאַרוואונדעטע זיי פאַרשאָטן. אַ פאַר הונדערט פון זיי זענען זיך צולאָפן, אָבער די גרעסטע טייל פון זיי זענען געכאַפּט געוואָרן פון די דייטשן און אוקראַינער און דערמאָרדעט. די אוקראַינער האָבן באַקומען צוגעטיילט זאַלץ און מלבושים פאַר יעדן געכאַפּטן יידן. אַזוי זענען אויך די אומגליקליכע, וואָס

האָבן זיך ממש פון גרוב געראַטעוועט, ווידער אַריינגעפאַלן אין די רוצחישע הענט און פארלוירן געגאנגען. אַ פופציק בערעזנער יידן האָבן זיך געראטעוועט און אָנגע־קומען אין אונזער פארטיזאנער גרופע. דער רוסישער פאַלקאָווניק מעדוועדעוו האָט זיך מענטשליך באַצויגן און האָט באפוילן אַריינעמען די גרופע אין די פארטיזאנער. ווען די לאַגע פון די פארטיזאנער איז געוואָרן שווערליך, ווייל די דייטשן האָבן אָנגעהויבן יאָגן די פארטיזאנער און די יידן זענען געוואָרן אַ באַ־לאַסטונג פאר די אויסגעשולטע פלינקע פארטיזאנער, האָט מעדוועדעוו געגעבן אַ קליינע גרופע פארטיזאנער באַגלייטן די יידן ווייטער אין ווייס רוסלאנד. אויך פופצן ביקסן האָט ער צוגעטיילט דער גרופע, אָבער אין וועג זענען אָנגעפאַלן דייטשן און די גרופע האָט זיך צושפרייט... (צולאָפן). די רוסישע פארטיזאנער האָבן זיך אומגעקערט צו זייער באַזע און פארשפרייט די ידיעה, אַז די יידן זענען פחדנים... און פון דאַן האָט מען ניט אָנגענומען יידן אין דער פארטיזאנער גרופע. אין 1944 יאָר האָט מען אונז באַפרייט פון פארטיזאנקע און מען האָט אונז איבער־געשיקט קיין קיעוו. ווען בערעזנע איז באַפרייט געוואָרן, האָבן מיר זיך געלאָזט דורך יידישע ישובים קיין בערעזנע. אוי און וויי צו די אויגן וואָס האָבן געדאַרפט צוזען דעם גרויסן חורבן. די יידישע הייזער פארברענט און חרוב, און די וואָס זענען פארבליבן, זענען פארכאַפט געוואָרן דורך פרעמדע (אַ טייל מערדער זעלבסט...).

וויסט און חרוב אַזאַ לעבעדיק און פריילעך שטעטל. ניטאָ מער קיין פאָטער און מוטער, ניטאָ קיין שוועסטער און ברודער. מיר האָבן געבלאָנזעט איבער די חורבות און אפילו מורא געהאַט גיין צו די קברים...

ווען עס איז אַראָפּגעקומען אַ רעגירונגס־קאָמיסיע פון יידן און רוסן צו פאָרשן די קברים, האָבן מיר דאַן געזען דעם בראָך: שורותווייז זענען געלעגן אונזערע טייערע מיט קאַלך צוגעדעקט און ווייטער אַ שורה פון טויטע און נעבן די ווענט, זיצנדיקע, און אַזוי די פרויען גרוב. אין אַ דריטער גרוב זענען געווען די קינדער, און די האַרץ האָט געפלאַצט פון ווייטאָג און צאָרן.

נאָך דער אויספאָרשונג האָבן מיר גענומען צורעכט מאכן די קברים, צוגעשאָטן באָדן און אָוועקגעשטעלט אַ מצבה אַלס צייכן, ניט זייענדיק זיכער אַז דער צייכן וועט בלייבן שטיין אויף זיין פלאַץ אַ צייט לאַנג.

מיט צובראָכענע הערצער זענען מיר געשטאַנען נעבן די קברים און טרערן זענען געפלאָסן פון די אויגן. נאָכן קדיש זאָגן פון איינעם פון די בייזייענדיקע זענען מיר אַראָפּ פון פעלד — — —

אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס קאַפּיטל בערעזנע.

באארבייט און איבערזעצט פון עברית דורך ד״ר גרץ ביגיל

(מתוך „ילקוט וואהלין״)



שמעון שפּין ז"ל, געפאַלן אין דער פּאַרטיזאַנקע

# ביי די פארטיזאנער
## פון העניך קאנאניץ

עטוואָס פון זיך

צו זיבן יאָר האָב איך געלערנט ביי מאיר איצעלעס. צו ניין יאָר בין איך געגאנגען אין „תרבות, אין הויז פון די ליטוואקעס. פון דאָרט, אין פּאָושעכנע... נאָך אינגלעכווייז בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער שומרישער באוועגונג. געפאָרן אויף אַ קעמפּ אין די קארפּאטן, אַוואונדערבארער געגנט און מיר האָבן גוט פארבראכט די צייט און באקומען אַן אויסצייכנונג: חזק ואמץ. געענדיקט די פּוילישע שולע, האָב איך אָנגעפאנגען העלפן מיינע עלטערן אין דער פּרנסה און אָט האָט זיך אָנגערוקט דער פּויליש דייטשער קריג אין 1939.

פּלאקאטן האָבן אַראָפּגעשריגן פון די ווענט וועגן מאָביליזאציע. אַ גרויס געוויין און יאָמער אין יעדן הויז. דער דייטש האָט זיך מיט שטורם געוואָרפן אויף פּוילן און בערעזנע האָט אויך געפילט היטלערס נאַפאַד. פּונקט ראש השנה האָבן די דייטשן באָמבארדירט די שטאָט און פערציק אידישע הייזער זענען אַראָפּ, איבער פופציק יידישע משפחות אָן אַ דאַך. מען איז זיך צולאָפן אין וואלד און ביינאכט זיך צוריקגעקערט אַהיים. פיל האָבן זיך באהאלטן ביי פּויערן אין די הייזער. אָבער באלד האָבן די רוסן זיך געלאָזט הערן. זייערע עראָפּלאנען זענען דורכגעפלויגן די געגנט, נאטירלעך ניט געשאָדעט קיינעם און מען האָט געווארט אויף דער נייער

רוסישער מאַכט. אַ מיליץ האָט געהיט ד יאָרדנונג, ביז די רוסן זענען געקומען און גענומען די מאכט אין די הענט. ווינטער צו בין איך געפאָרן זיך לערנען אין אַ סעמינאר אין זדאַלבונאָוו. מיין גליק איז געווען וואָס נאכן ענדיקן דעם קורס האָט מען מיר געשיקט אויף אַרבייט אין אונזער ראיאָן קיין זאמאסטשע. דאָרטן זענען געווען נאָך לערער און לערערינס און אונזער צוזאמענלעבן איז געווען אַ פריינטליכער...

יוני 1941. — דער דייטש באָמבארדירט פיל שטעט אין פוילן און רוסלאנד. עס איז געוואָרן טרויעריק אויפן הארצן. שווער צו באקומען ברויט. צוריקגעפאָרן אהיים קיין בערעזנע און אָנגעהויבן אַרבייטן ביי אַקאָפּעס. אָט טרעטן אָפּ די סאָוויעטן. מען רייסט אויף יעדע פּאָזיציע און געביידעס אָדער פאבריקלעך, וואָס קענען נוציק זיין פארן דייטשן שונא. מען רייסט אויף די באפעסטיקונגען, וואָס די פּאָליאקן האָבן געבויט אויף דער רוסישער גרענעץ (דאן האָט געהייסן, אַז רוסלאנד איז דער שונא... ניט דער דייטש...). אין אַ פּאָר טעג איז די מיליץ צוריק־געקומען, אָבער נאכער זיך צוריקגעצויגן און צווישן אונז האָט זיך אָנגעהויבן אַ ויכוח: מיטלויפן אָדער בלייבן? און מען איז געבליבן, ווער צוליב עלטערן, ווער צוליב אַנדערע מאָטיוון. די דייטשן האָבן ווידער באָמבארדירט און די פויערן האָבן שוין דאסמאָל דורכגעטריבן די יידן, ווייל די פּילאָטן דערקענען דעם יידן און... דאס וועט שאדן זיי, די פויערן. די רוסן האָבן געצויגן צוריק, די בריק איז שוין ווידער אויפגעריסן געוואָרן און דערווייל האָבן די פויערן אויפגעריסן די מלוכה קראָמען און גערויבט פון וואָס עס האָט זיך געלאָזט. די הייזער האָבן געברענט און קיינער האָט ניט געפּרובירט לעשן און אָט האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ נאכ־מיטאָג די נאצישע רויבער אויף מאָטאָציקלעטן, ראווערן, אויטאָס א.א.וו. און אַ פּערעסטרעלקע האָט זיך אָנגעהויבן. די פּערעסטרעלקע איז געווען דורך אַרודיעס פון ביידע זייטן. די שטאָט האָט געברענט אין פיר פונקטן: דער קלויסטער אין די ליפּקעס, די רעמיזע אין מארק, אין דער פּריסטאַוו גאס און אויף דער נייער שטאָט. די דייטשן אין ברוין זענען אַרומגעלאָפן ווי פארסמטע מייז, זיגער! און די יידן האָבן מורא געהאט אַרויסוויזן די קאָפּ אין דרויסן. געווען קלאנגען אַז יעדן ייד וואָס זיי טרעפן אין גאס, שיסן זיי. אָבער אייביק ליגן אין די הייזער קען מען ניט. מען האָט זיך אַ ווייז געטון אין גאס און צוערשט אָנגעפאנגען ראטעווען די זאכן. דאָס פייער האָט קיינער ניט געוואגט צו לעשן. אויך אונזער הויז האָט זיך אָנגעכאפּט און דער דאך איז אַראָפּ, אָבער מיט געמיינזאמע קרעפטן האָט מען אָנגעהויבן לעשן דאס פייער און ניט לאָזן גיין ווייטער. איך האָב צום ערשטן מאָל געפילט, אַז איך בין אָן אַ דאך איבערן קאָפּ. ביים גרענעץ פון שטעטל זענען נאָך געווען סאָוויעטישע זעלנער צום באקומען ידיעות איבערן דייטש. די דייטשן האָבן באפוילן אַרויסנעמען אַלע יידן צו אויפשטעלן די בריק. ווער ס'וועט זיך אויס־בעהאלטן וועט ווערן געשאָסן. דייטשן מיט אוקראינער זענען געגאנגען פון הויז צו הויז און געטריבן מיט נאגאיקעס צו דער ארבייט, פרויען, מענער און קינדער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה האפּעריי צו ארבייט און נאכער האָט זיך אָרגאני־

זירט דער יודן־ראט, וועלכער האָט באַדאַרפט צושטעלן צו דער אַרבייט מענטשן לויט דעם באַדאַרף. (פריער האָט מען זיך נאָך געקענט אויסבאַהאַלטן, אָבער איצט ניט.) מען האָט געריינגיקט די רעדער פון וואַגן, קלאָזעטן, שאָסייען. אין יודן־ראט זענען אַריין: יואל גילבערג אַלס פּרעזעס, שמחה שפּירא, מיכל חאמוט און פּיניע כאַוווערס. זיי האָבן געפירט אַ בוכהאַלטעריע פון די אַרבייטער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון פּראָטעקציאָנערן, וועלכע האָבן גאָרניט געאַרבייט אָדער אַ טאָג אין צוויי וואָכן. יעדן טאָג שווער געווען צו אַרבייטן ביים דייטש. אַזוי האָט מען שפּעט אין אָוונט נאָכן ענדיקן די אַרבייט פאַרשלעפּט אין אַ קעלער און גע־הייסן זינגען יידישע לידער. אַ צווייטן האָט ניט געפעלן דאָס באַגריסן זיך ביז די קני. די דייטשן האָבן זיך שטענדיק געוויצלט, אַז זיי גייען גלייך נאָך מאָסקווע. מען האָט געאַרבייט ביי טאָרף און ביי דער קאַלייקע. ערב יום כיפור האָט מען פאַרביטן דעם מגן דוד אויף אַ געלער לאַטע אויף דער פּלייצע. די אוקראַינער האָבן באַקומען די שטאַט אַמטן. אין גרויסן ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך פוטערס און מען האָט אַלץ צוגענומען ביי די יידן און מיר זענען געפרוירן פון קעלט. די ווייַנאַכטן זענען פאַר די יידן געווען טרויער־טעג. צוויי טעג האָט מען געדאַרפט פאַסטן און די מערדער האָבן באַזוכט אין די הייזער קאָנטראָלירן... גינטער, דער וויצע געביטס קאָמיסאַר, האָט באַפוילן, מען זאָל וואַטאָוועס קאָלדרעס אָפּגעבן, געשיר און נאָך אַנדערע זאַכן, ווי אויך גאָלד און זילבער.

איך האָב מיט נאָך ניין מאַן געאַרבייט אין מיכאַלין. כאָטש די אַרבייט איז ניט געווען לייכט, איז דאָך ליב געווען דאָרטן ווי אָנקוקן דעם יודן־ראט און די זאָנדער־פּאָליציי מיט מאיר קיילער אין דער שפּיץ. אַ ידיעה, אַז מען האָט געשאַפן אַ געטאָ און ביי דער געלעגנהייט האָט גינטער (ימ״ש) געטויטעט אַ פּאָר יידן. אין געטאָ איז געווען אַ שטופּעניש, אַן איינגעשאַפּט ניט אויסצוהאַלטן. מען האָט אָנגעהויבן מורא האָבן פאַרן מאָרגן. געהערט האָט מען וועגן שחיטות אין קאַסטאָפּאָל, טוטשין, בקיצור קלאַנגען אויף קלאַנגען. די געשיכטע מיט אַרבייטס־קאַרטן פאַר פאַכלייט און פיקציעס פון הייראַטן, אַלץ סגולות... מען האָט געצאָלט געלט דעם יודן־ראט פאַר קאַרטן און מען איז געוואָרן בעלי מלאכות. דער יודן־ראט האָט גענומען גראָבע געלדער פאַר אַריינשטעלן אין ליסטע אַלס אַרבייטער־פאַכמאַן... זיי האָבן פאַר־לאַנגט שטאָפן, קאַרבאָוונצעס פון די אוקראַינישע געלדער און גאָלד. אין פּאַרק האָבן די יידישע בעלי מלאכות געניית און געאַרבייט פון אַלץ וואָס מען האָט צוגענומען ביי די יידן. מען האָט די איבעריקע זאַכן פאַרקויפט אין די קאָאָפּעראַ־טיוון. מען האָט געשיקט אויף אַרבייט קיין מאַקווין אין פּאַפּיר־פאַבריק און אין זורנע ביי טאָרף, די קאַלייקע, דעם גרויסן בריק. נאָכער האָט מען אָנגעהויבן שיקן מענטשן נאָך קאַסטאָפּאָל. מען האָט זייער מורא געהאַט פאַר אַרבייטן אין קאַסטאָ־פּאָל, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז צוריק פון דאָרט קערט מען זיך ניט אום. מען האָט געשילטן דעם יודן־ראט, וועלכע' האָט געמאַכט די ליסטע פון די, וואָס דאַרפן גיין נאָך קאַסטאָפּאָל. מען האָט זיך אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן; די יידישע פּאָלי־ציאַנטן מיט די אוקראַינער זענען געגאַנגען זוכן אין די הייזער, בין איך אַנטלאָפן

צו אַ באַקאַנטע פויערטע און זיך באהאַלטן. מען האָט געזאָלט בייטן די מענטשן יעדע צוויי וואָכן, אָבער מען האָט געצאָלט געלט דעם יודן־ראַט, און די וועלכע מען האָט פאַרשיקט, זענען דאָרט ווייטער געזעסן. ביז איין טאָג האָט מען אָפּגעשלאָסן די געטאָ און דער געביטס־קאָמיסאַר פון פּאָליציי, קיילער, האָט אויסגעשטעלט מענער אין כּרויען באַזונדער און מען האָט אויסגעקליבן 150 מאַן און אָפּגעשיקט מיט דער אוקראַינישער פּאָליציי קיין קאָסטאָפּאָל. די אַרבייט איז געווען זייער שווער און מען האָט געמוזט אָפּאַרבייטן ביז שפּעט אין דער נאַכט צום ענדיקן פאַר אַ שטיקל ברויט און אַ זופּע פון זאַלץ וואַסער און דאָס שטיין אין די רייען אַ צייט לאַנג.

אַ טייער אַרבייטס־פּלאַץ: גינטער, דער וויצע געביטס־קאָמיסאַר, בויט זיך אַ פּאַלאַץ... דאָרטן אַרבייטן איז אַ שרעק! ער שמייסט און שלאָגט אויף רעכטס און לינקס. פאַרשיידענע זענען זיך צולאָפן פון דאָרט, האָט זיי די יידישע פּאָליציי צושלאָגן אויף אַן אמת. מאיר קיילער, דערצויגן אין מיליטערישן גייסט, אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, קיין גרויסער חכם ניט געווען. פּיללייכט האָט ער זיך פאַרגעשטעלט דעם לאַגער אַלס יידישע מלוכה און ער דער הויפּט פון פּאָליציי. פאַר זיין טיר איז געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט און צו אים ניט צוגעלאָזט. אין צייט פון דער שחיטה האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון אַ באַהעלטעניש אין אַ וואַלד ביי אַסטיז און געקומען אין אַ פּאַרטיזאַנער פּלאַץ. דאָרטן זענען געווען בערעזנער יידן און די וואָס האָבן זיין פּאָליציי שטעקל געפילט אויף זיך, האָבן אים אויסגעגעבן צו די פּאַרטיזאַנער און זיי האָבן אים געשאָסן פאַר מיטאַרבייטן מיט די דייטשן.

שלעכטע ידיעות האָבן זיך פאַרשפּרייט און איך בין זעלבסט געווען אַן עדות פון אַזאַ זאַך: ביי דער אַרבייט ביים סטאַנציע האָב איך געזען אַ וואַגאָן אַנגעזעצט מיט יידן, באַוואַכט מיט ס.ס. אָדער געסטאַפּאָ און די יידן האָבן דורך די פענסטער געוואונקען און געוויזן איבערן האַלז, ס'הייסט: מען גייט אויף דער שחיטה... און ביינאַכט האָט מען געפירט זאַכן צוריק צום סאָרטירן. אין עטליכע טעג זענען מיר געגאַנגען פאַרשיטן די ניט פאַרפולטע גרובן און מיר האָבן געזען ביי אַ פינף טויזנט יידן האָבן געפונען זייער אייביקע רוה. די גרובן זענען געווען פאַרשאָטן ניט כלאַר און זאַמד. דאָס בלוט האָט אַרויסגעשפּראָצט אין דרויסן. מען האָט באַמערקט טריט פון קליינע קינדער און עלטערע אַראָפּ צום גרוב און ערשט דאַן האָט מען זיי סאָרטירט און דאַן געשאָסן אויפן פּלאַץ. מיר האָבן פאַרשאָטן די גרובן, וועלכע זענען געווען צוואַנציק מעטער לאַנג און פיר מעטער די ברייט און דריי מעטער טיף. ביי יעדער גרוב איז געווען אַ לאַנגער שטעקן וואו דער קאָמיסאַר האָט מיט אים אָנגעוויזן יעדן זיין פּלאַץ. מיר האָבן געזען פאַרשיידענע דאָקומענטן פאַרברענטע טיילווייז. נאָכדעם ווי מיר האָבן די גרובן פאַרשאָטן, איז אַביסל רוהיקער געוואָרן אין שטעטל. ביז דער גרויסער שחיטה וואָס האָט באַדאַרפט דעם ראַיאָן מאַכן יודן־ריין.

דעם 24.8.42, ווייזט אויס אַ זונטיק טאָג, ווייל מיר האָבן דעם טאָג ניט געאַרבייט, זענען שמחה שפּירא מיט פּיניע כאַוועָרס אַראָפּגעקומען נאָך קאָסטאָפּאָל, איך

וייס ניט וועגן וואָס, אַ פאַקט אַז מען האָט זיי געזען ביים קאַסטאָפּאָלער יודן־ראַט. מיר האָבן געוואַרט, אַז זיי זאָלן אונז אָפּנעמען פון דעם לאַגער, זיי זענען אָבער ניט געקומען צו אונז און שנעל אַנטלאָפן, ניט האָבנדיק דערליידיקט זייערע ענינים. דער מערדער גינטער איז געקומען צו אונז און די יידישע דאָלמעטשער, זעט אויס אַז די מענטשן פון יודן־ראַט האָבן שוין געוואוסט וועגן וואָס ער קומט צו אונז, ווייל זיי זענען צוריק נאָך בערעזנע ניט געקומען, נאָר אַוועק אין די וועלדער... אָבער אונז האָבן זיי ניט געזאָגט זיך ראַטעווען. די קריסטן האָבן אָנגעהויבן צוריקנעמען די אַרבייט וואָס זיי האָבן געגעבן די יידישע בעלי מלאכות ניט געענדיקטע זאַכן און מען האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז דער סוף איז נאָהנט. אין אונזער לאַגער איז געווען אַ יידישער קאָמאַנדאַנט, וואָס האָט געעפנט די טויערן און אַ זאָג געטון: „ראַטעוועט זיך, ווי ווער עס קאָן" (פון קאַסטאָפּאָלער לאַגער). איך האָב אַלץ געוואָרפן, נאָר אַ שטיק ברויט גענומען און אין באָרוועס אַרויס אין הויף, איבערגעקראָכן דעם פּלויט און געלאָפן ווייט פון געטאָ. דער וויצע־קאָמאַנדאַנט פון געטאָ איז צו אונז געקומען און געהייסן אַנטלויפן, אָבער ניט אין גרויסע גרופן. ביי אַ צוואַנציק מאַן האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט ווי זעלנער, כלומרשט ווי מיר גייען צו דער אַרבייט און געגאַנגען ביז אונטער פּעצ׳אַלאווקע. ס׳איז געווען ביי־נאַכט. מיר זענען געגאַנגען צו בערעזנע און נעבן טשערעטענקאַ, זיך אָפּגערוהט און ווייטער געגאַנגען, ביז מיר האָבן דערזען יצחק גאַנדעלמאַן, וועלכער האָט אונז דערציילט, אַז גינטער האָט באַפוילן צו מאָרגנס פרי צוזאַמענקלייבן אַלעמען אין געטאָ און אַז דאָס שטעטל איז פול מיט פּאָליציי פון דער גאַנצער געגנט... זענען מיר צוריק געגאַנגען קיין זירנע, אַ גאַנצן טאָג געלעגן אין די ראָוועס. ביי טאָג ארום צוועלף זענען צו אונז געקומען צוויי אינגלעך דאַרצאַך יעקוב קרץ און נחמן גאָלדמאַנס זון, וועלכע האָבן געפּאַשעט ביי פּויערן און דערציילט, אַז אונטערן שטאָט גראָבט מען גרויסע גרובן און אַז פיל פויערן האָט מען גענומען צו דער אַרבייט. מיר איז גוט באַקאַנט געווען די גרובן, וואו די ראָוונער יידן זענען באַ־גראָבן און איך האָב שוין אַלץ פאַרשטאַנען... פאַרנאַכט זענען צו אונז געקומען אייניקע, וואָס זענען אַנטלאָפן פון בערעזנע, עזריאל דער בעזעניק מיט זיין שוועסטערל, יוסל פישמאַן, גראַבערס מיידלעך און נאָך אַנדערע. פּלוצלינג זענען פינף אוקראַינישע רויבער אָנגעפאַלן אויף אונז, באַרויבט און געהייסן אַנטלויפן, ווייל די דייטשן וועלן קומען און אונז שיסן.

מען איז זיך צולאָפן ווי יעדער האָט געקאָנט. איך מיט מיין ברודער זענען צו אַ באַקאַנטע פּויערטע אַוועק און דאָרטן איבערגעווען אַ צייט אַן דאַן זיך געלאָזט קיין בראַנע. מיין ברודער האָט געפּאַקט אַ פּויער, וועלכער האָט אונז געהאַלטן אַ וואָך צייט פאַר מיינע נייע הויזן, בייטאָג אין בייַנאַכט אין קלוניע. מיר האָבן זיך דאַן געלאָזט נאָך בראַנע. אין וועג האָבן מיר באַמערקט אַן אָרימע כאַטקע און דער פּויער האָט אַ שעפּטשע געטון זיין ווייב און זי האָט אונז אַרויסגעבריינגט עסן. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרבייטן ביי נייען מיט די הענט פאַרשיידענע זאַכן און דאַן זיך באַקענט מיט איינעם אַ שניידער פּיטעל, און דאַן אויך אָנגעהויבן אַרבייטן

ביי אַ פויער פראקאפּ. דאָן האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אבא גאָרענשטיין און
אַנדערע. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז עס איז דאָ אין דער געגנט אַ פּאַרטיזאַנער
גרופּע פון צען מאַן, צווישן זיי דער צײן־טעכניקער פון בערעזנע. די יידישע
סטאַנקעס פון אַ קליינער גרופּע זענען איבערגעפאַלן געוואָרן דורך פויערן און די־
יידן האָבן פאַרלוירן זאַכן, אָבער אַלע זענען געבליבן ביים לעבן. אין אַ שיינעם
טאָג זענען מאַדיאַרן און דייטשן געגאַנגען מאַכן אַן אָבלאַווע און די טישיצער יידן,
וואָס האָבן געהאַט אַ באַזונדערן פּלאַץ פאַר זיך, און די פּאַרטיזאַנער יידישע גרופּע
זענען זיך צולאָפן און מיר האָבן אַזוי אַרום גענאָסן פון גאַנצן עסנוואַרג, וואָס זיי
האָבן איבערגעלאָזט אַנטלויפנדיק פון דער אָבלאַווע. מיר זענען אַוועק טיף אין
וואַלד און זיך געבויט פעסטע בודעס פון האָלץ, און אינמיטן געברענט אַ פייער
צום קאָכן און וואַרעמען. שמואל דער טישיצער מיט זיין שוואָגערין זענען דער־
מאָרדעט געוואָרן נישט ווייט פון אונזערע פּלעצער דורך בולבאָוועצעס (אוקראַינער).
שמוליק דער טישיצער האָט איבערגעלאָזט אַן אייניקל און די שוועגערין אַ
יתומה׳לה, מיט וועלכע די מימע פייגע קופּערוואַס האָט זיך פאַרנומען. דאָס יתומל
איז געבליבן אין מאָסקווע און דאָרטן געלערנט. אָט זעה איז פאַר זיך דאָס יתום׳ל
פאַר די אויגן, ווי ער זאָגט קדיש נאָכן פאָטער און טרערן פליסן מיר פון די אויגן.
אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זענען מיר ווייטער אַוועק פון אונזערע זעמליאַנקעס, וועלכע
מיר האָבן מיט אַזאַ מאַטערניש געבויט כדי צו זוכן די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן
געשיקט אַ דעלעגאַציע צו די פּאַרטיזאַנער און געבעטן אונז אַריינעמען אין די
פּאַרטיזאַנקע, בלויז יונגע מענער און פרויען. דאָס איז געווען מעדוועדיעווס אָטראַד.
זיי האָבן אונז געהייסן וואַרטן אַ פּאָר וואָכן און נאָכער האָבן מיר זיי נישט געטראָפן
מער אויף דעם פּלאַץ. מיר האָבן זיך דאַן באַזעצט אין דובאָווע סטאַילא און ווידער
געבויט זעמליאַנקעס צוזאַמען מיט די ווירליוּוקער און שאַרמוקעס. מיר זעלבסט
זענען כמעט שטענדיק געווען אין וואַלד. נישט ווייט פון אונז זענען געווען בולבאָווו־
צעס, וועלכע האָבן אָפט געשאָסן און מיר פלעגן אַנטלויפן אין וואַלד פאַר מורא.
אין אַ געוויסן טאָג האָבן די מעשצאַנעס אַרויסגענומען דריי יידן פון אַ חוטאָר און
זיי דערשאָסן. צו אונזער חוטאָר זענען געקומען אַ גרופּע מעשצאַנעס, אָבער דער
פויער, וואו מיר זענען געווען און איך האָב דאָרטן געזנאַכערעוועט (געטראָפן אין
קאָרטן) האָט אונז דערציילט וועגן דעם און מיר האָבן זיך אָפּגעטראָגן. איין מאָל
האָב איך געזען אונטערן שטוב זיך באַהאַלטנדיק, אַז צוויי בולבאָוועצעס פירן אבא
שערמוק און דעם געלן שלמה:. מיר זענען אַנטלאָפן אין וואַלד און אין עטליכע
טעג אַרום האָט מען אונז דערציילט, אַז די צוויי בערעזנער יידן ליגן פאַרמוטשעטע
ביי דער קאַלייקע אין וועלדל. די בולבאָוועצעס האָבן זיי אַזוי לאַנג געמוטשעט,
ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען. צום אַכטן טאָג זענען אונזערע צען מאַן אַוועק זיי
באַהאַלטן, עס זענען געווען מיין ברודער, פישל דער שניידער, נח קרעמער, ירחים,
קרעמערס צוויי ברודער, פייגל קופּערוואַס און נאָך אייניקע.

עס איז געווען אַ שיינער זומער טאָג, ווען מיר אַ טייל פאַרבליבענע אין די
זעמלאַנקעס האָבן דערהערט אַ וויערוי און שיסעריי. איך האָב זיך געלאָזט באַרווע־

סערהייט לויפן רעכטס, דאכטנדיק, אַז די קוילן פליען פון לינקס. איך האָב מיר פלוצים געטראָפן מיט יעקב שיכער, וועלכער איז אויך געלאָפן אין דער ריכטונג. אַזוי זענען מיר ביידע פאַרלאָפן ביז בושי אָבער אין דאָרף זענען מיר ניט אַריין צוליב מורא פאַר די פויערן, דאָרטן זענען געווען די גרעסטע מערדער אין דאָרף. מיר האָבן זיך אויסבאהאלטן אין אַ קלוניע און צו מאָרגנס האָט אַ פויער אונז געבראַכט אַ ידיעה, אַז אַלע לעבן און פּראַקאָפּ, אונזער באַקאַנטער פויער, האָט אונז געהייסן קומען, וועט ער אונז צוזאַמענפירן. אַ שטיין איז אונז אַראָפּ פון קאָפּ, ווייל דאָרטן זענען בלויז געווען פרויען און קינדער און די אַלע וואָס זענען אַוועק מקבר זיין אונזערע צוויי קרבנות און צווישן זיי איז אויך געווען מיין ברודער. מיט יענער גרופּע איז די זאַך אַזוי געווען: נאָך דער קבורה זענען זיי צוריק געגאַנגען צו זייערע זעמליאַנקעס, האָט איינער אַ בולבאָוועץ זיי דערהערט גיין און געשאָסן צו זיי, זענען זיי זיך צולאָפן אין וואַלד. צומאָרגנס פון אָנפאַל האָבן מיר זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון אָנפאַל, און מיר האָבן מיט זיך געהאַט מעסערס אויפן וועג. האָבן מיר געפונען די טאַרבעס פון די אַנטלאָפענע. מיר האָבן דאָרט קיינעם ניט געטראָפן, אָבער מיר האָבן פון ווייטן געהערט אַ רוף פון איינעם פון אונזערע, וועלכער האָט אונז פאַרפירט צו דער גרופּע איבערגעבליבענע. עס האָבן ליידער געפעלט אַ טישיצער פרוי מיט איר קינד מיט אַ יתומהלע, די באַנדיטן האָבן דאָס קינד אַריינגעוואָרפן אין ברונעם און איין מיידעלע איבערגע־שניטן דעם האַלז. זיי אַלע האָט מען אין אַ וואָך אַרום געפונען טויטע. דערווייל האָט זיך אָנגערוקט פּסח און די יידן האָבן זיך געגרייט צום סדר... מען האָט געבראַכט קאַרטאָפל, געזוכט שמאַלץ, אפילו הגדות האָבן זיך געפונען ביי אייניקע! און מען האָט געפּראַוועט דעם סדר ווי עס באַדאַרף צו זיין...

מיר, אַ צוועלף מאַן, האָבן באַשלאָסן אַז ווייטער אַזוי לעבן אין שרעק און לויפעניש פון סטאַנעק אין וואַלד און צוריק ביי יעדן שאָס, איז אוממעגליך און באַשלאָסן גיין אין די פּאַרטיזאַנער, נאָך אַמאָל פּראָבירן זיך אַריינפּעקלען צו זיי. מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ פּוילישן דאָרף וואו די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויס־באַהאַלטן. די דייטשן האָבן דאָס דאָרף פאַרברענט, צוגעקומען ביז רודנא לענציסקא. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַ פּוילישן ברודער־קבר פון עטליכע הונדערט פּאַליאַקן, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרנאַרט און צעשאָסן. מיט גרויס מיה האָבן מיר זיך דער־שלאָגן צו די יידישע סטאַנקעס, דאָרטן האָבן זיך געפונען שלמה׳לה שפּירא, פּיניע כאַווערס פון יודן־ראַט, וועלכער האָט באַצאָלט מיט גאָלד די פויערן פאַר בויען דעם בונקער. דאָרט איז אויך געווען יענקל שלוימעס זון, געכמאַן און נאָך אַנדערע. דאָרט איז אויך געווען דער וואַרשעווער שניפּער. מיר האָבן געהערט, אַז אַנטיסעמיטיזם הערשט ביי די פּאַרטיזאַנער און אַז זיי נעמען ניט אַריין אין דער פּאַרטיזאַנקע. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז ניט ווייט פון דאָרף געפינט זיך אַ צווייטע גרופּע פּאַרטיזאַנער, וועלכע נעמען יא אַן אין זייער גרופּע און גיבן געווער אויך. אונ־זער דעלעגאַציע פון מאָטל טוטיוך, הערשל צעציק און אַנדערע האָבן זיך דערשלאָגן צו די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געפּאָדערט איין קעכין, אַ שניידער און אייניקע

מיט געווער און אפשר וועט מען אויך אָן געווער אנגעמען. אַלע אויסער מיר מיט מיין ברודער זענען אַוועק צו די פּארטיזאנער און מען האָט אַלעמען צוגענומען. אונז האָט דאס מזל געטראָפן טרעפן אַ קאמ־באט, וואָס האָט אונז אויסגערעכנט חטאים אויף יידן, אַז זיי צולויפן זיך אין די לעכער, ווען זיי דערהערן שיסן און אז. ז.וו. מיר האָבן געענטפערט, אַז טויזנטער אוקראַינער אַרבייטן מיט מיטן דייטש און אַז פון יידן זענען זייער ווייניק דא וואָס אַרבייטן מיט און דאס מיט נויט.

ווידער זענען מיר אַרויס אין די וועלדער זיך דערשלאָגן צו אַנדערע פּארטי־זאנער און אויפן וועג האָבן מיר דערזען הערשל גאניק טויט און ניט ווייט פון אים אַ ביסל קארטאָפל צושאָטענע. אַזוי דערשראָקענע, צוטומלט, זענען מיר ווייטער געגאנגען די גאנצע נאכט ביז וויטקאוויץ. מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו דער סמאליארניע, ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו די יידן אין דער געגנט. אין דער זעלבער נאכט וואָס מיר האָבן פארלאָזט אונזערע זעמליאנקעס און זיך געלאָזט צו די פּארטיזאנער, האָבן באנדיטן באפאלן די שלאָפנדיקע אין די סטאנקעס און אַריינגעוואָרפן אַ גראנאט, וועלכער האָט ניט אויפגעריסן. האָט איינער פון אונזערע אַרויסגעוואָרפן דעם גראנאט און דער באנדיט האָט זיך צוריקגעצויגן. חיים ווארצמאן האָט איין באנדיט אומגעוואָרפןביים טיר און אַנטלאָפן, זיין פאטער איז געלעגן פארוואונדעט. אַ צווייטן מאל האָבן די באנדיטן ווידער באפאלן און דאן זענען געפאלן אַ 30 יידן, נאָר חוה שארמוק מיט דער טאָכטער בריינדל און נת קרעמער האָבן זיך געראטעוועט. דערוויל האָבן די פּאַליאקן אַראָפּגענומען תבואה פון די פעלדער און מיר האָבן אָנגעהויבן נייען קליידונג פאר די פויערן, האָבן מיר באקומען תבואה און נאָך געצאָלט.

יאנואַר 1944. די רוסן מאַרשירן פארויס. דעם 7. יאנואר 1944 זענען מיר אַוועק אין די פּארטיזאנער ניט קוקנדיק, וואָס די באפרייאונג איז געקומען. מיט אונז איז געווען חילציק שפּירא, יעקב סירזיק, נחמן דעם מלד׳ס. מיר זענען געווען אין מיקאיאנס אטריאד בלויז ארמיענער. אַלע פלענניקעס ביים דייטש אנגעטון אין דייטשע קליידונג, האָבן זיי אויסגעדרייט די ביקסן צו די דייטשן זיי אויסגעשאָסן און אַוועק צו די פּארטיזאנער און נאָך אַ לאנגע צייט אויסגעפירט אָנפאלן אויף דייטשן מיט די דייטשע מונדירן. אַז מיר זענען איצט געקומען צו די פּארטיזאנער, האָט אונז איצט יעדע גרופּע געשלעפּט צו זיך. גלייך צו מאָרגנס האָט מען אונז געלערנט זיך באגיין מיט געווער און מען האָט זיך בכלל מיט אונז זייער געפרייט. גענעראַל מאַיאָר טאאומאָוו, צוויי מאָל געראי, האָט אָנגעפירט מיט איבער 3000 מאָן. זיבן אטראדן זענען געווען צווישן זיי: מיקאיאנער, כרושצאוו, סמיערט פאשיזמו און אַנדערע. נאָך זיבן טעג אָפּרוה האָבן מיר באקומען אַ באפעל גיין אין טיל פון שונא. מיר זענען אַדורך בערעזנע און געטראָפן ביי פיל פויערן אונזערע זאכן. מיר האָבן אויך איבערגעגעבן אַ ליסטע פון פויערן פארברעכער און אפּאנאסן, אָבער זעט אויס, מען האָט זיי גאָרניט געטון. (מען וואָלט למעשה באדארפט כמעט אַלע בערעזנער פויערן אויסטויטן...). מיר זענען געגאנגען אַלץ ווייטער און ווייטער, אָבער די רויטע אַרמיי איז אַזוי שנעל געגאנגען, אַז אונז איז פשוט שווער געווען

זיי איבערגיין... ביז מיר האָבן זיך צוגערוקט צו אַ דאָרף, וואו די דייטשן זענען געווען און מיר האָבן דאָס דאָרף געדאַרפט נעמען ביי די דייטשן. דאָס איז געווען מיין ערשטער אָנטייל אין קאַמף קעגן די דייטשן. מיר האָבן דערלאַנגט פייער אַזוי אַז די דייטשן זענען זיך צולאָפן ווי מייז, זייער עסן איז נאָך געשטאַנען אויפן טיש וואַרעם און אויך די קאַווע. מיר זענען ווידער געגאַנגען. די וועג איז געווען אַ ליימיקע און איך האָב די פוס אַרויסגעשלעפט אָן די שטיוול... דאַן זענען מיר אָנגעקומען אין טאַרגאָוויצע און די בענדעראָווצעס זענען פון דאָרט אויך אַנטלאָפן (זיי זענען געווען גבורים קעגן אומבאַוואָפנטע... אָבער גרויסע פּחדנים ווען מען האָט זיי געוויזן אַ פויסט).

מיר האָבן געצויגן נאָך לעמבערג. אין אַ בענדעראָווצעס מערדער־דאָרף האָבן מיר זיך פאַרשאַפט שליטנס און פערד, ווייל עס איז געווען שליטוועגן. די דייטשן ניט וויסנדיק, אַז מיר זענען אין דאָרף זענען אַריין לויט זייער שטייגער אין אויטאָס, אָבער מיר האָבן זיי באַשאָסן פון ביידע זייטן און פערציק אויטאָס זענען פאַרברענט געוואָרן. ביינאַכט זענען די דייטשן געקומען מיט אַ גרויסע קראַפט זיך אין אונז נוקם זיין, אָבער מיר האָבן זיי פאַריאָגט און ווידער חרוב געמאַכט זייערע אויטאָ־מאָבילן. ערשט דאַן זענען מיר אַרויס פון דאָרף.

אַ גרויסן קאַמף אויף דער וועג לעמבערג—פּשעמישל האָבן מיר געפירט מיט די דייטשן ביי דער באַן־ליניע. מיר זענען געלעגן אין שניי ניט צולאָזן קיין פאַר־שטאַרקונג פון די דייטשן, וועלכע האָבן געקעמפט מיט אַ צווייטער פּאַרטיזאַנער גרופּע. אַזוי האָבן מיר געטריבן דעם דייטש פון פּלאַץ צו פּלאַץ און פאַרברענט דערפער פון בענדעראָווצעס. מיר האָבן אויך געפירט אַ קאַמף מיט אַ גרופּע דייטשן ביי אַ בערגל. דערווייל האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט אַ גרויסע פּאַרטיזאַנער גרופּע און נאָר די קלוגשאַפט פון די פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדירן האָבן אונז אַרויס־געשלעפּט פון אַ צרה. ווידער האָבן מיר געהאַט אַן אויפגאַבע אין אַ קליין דערפל, וואו פופציק דייטשן האָבן געהאַט מיט זיך דריי האַרמאַטן און מיר, אַ קליינע גרופּע, האָבן געקעמפט קעגן די דייטשן און געוואָלט צונעמען ביי זיי די אַרודיעס, אָבער זיי האָבן געהאַט נאָך אַ פאַרשטאַרקונגס־גרופּע, און דאָס מאָל האָבן מיר געהאַט פיל קרבנות. איך האָב אויף מיין וואָגן געדאַרפט מיטנעמען גראַנייעטע. דאַן איז יחיאל שפּירא מיט נאָך פיל פּאַרטיזאַנער אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין די הענט. מיר האָבן געהאַט אַ פערציק קרבנות. מיר זענען ווידער געווען אַרומגערינגלט, זייענדיק אויפן וועג צום בוג און אונזער גענעראַל מאַיאָר איז געגאַנגען פאַרויס אונז ווייזן דעם וועג. דאַן איז מיין ברודער פאַרוואונדעט געוואָרן אמת לייכט, אָבער איך האָב פון דאַן געהאַט פיל אויסצושטיין איבער אים. אויפן וועג האָט אונז בעשאָסן אַ פאַנצער פאַיעזד און מיר האָבן אים אויפגעריסן און ווייטער זיך געשלעפּט. דערווייל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ טיפוס עפּידעמיע צווישן די פּאַרטי־זאַנער. יעקב סירזיק איז געפאַלן בעת אַ פלוג אַנפאַל. איך בין קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מיט פערציק גראַד היץ בין איך מיטגעגאַנגען. עס איז קיין אויסוועג ניט געווען. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך אויסער מילך שוין אָנגעהויבן עסן

און זיך געפילט קרעפטיגער. ביז מען האָט אונז געבראַכט קיין דובנע אין שפּיטאָל. איך האָב אויך געליטן אויף געפּראָרענע פיס. אין שפּיטאָל האָב איך צום ערשטן מאָל געפילט, אַז איך בין נאָך אַ מענטש. ריין, פריש אָנגעטון און אויסגעבאָדן. איך בין געלעגן מיט טיפוס קראַנקע, אָבער די טעמפּעראַטור ביי מיר איז שוין געווען אַ נידריקע. די פיס האָבן זיך געהיילט זייער לאַנגזאַם. איך האָב באַקומען אַרבייט אַלס סאַניטאַר אין שפּיטאָל. מיין ברודער האָב איך פיל מאָל באַזוכט אין זיין פּאַלאַטע, ביז מען האָט אים צוריק אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט. ביז איין טאָג האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט אין וועג און פאַרפאָרן קיין דעמבאַ, אַ קליין פּויליש שטעטל, און דאָרט האָבן מיר פאַרלייגט דעם שפּיטאָל. אין דעמבאַ האָב איך גע־טראָפן משה טוטיון, וועלכן איך האָב איינגעאָרדנט אויף אַרבייט אין שפּיטאָל נעבן מיר. נאָכער האָט מען מיר געשיקט אויף אַ קורס, וואו מען האָט אונז פיל געלערנט איבער גיכע הילף און איך האָב באַקומען גוטע ציינכנונגען ביים ענדיקן דעם קורס. איצט אין חיפה.

## די דייטשן אין בערעזנע

איבערגעגעבן פון י. פּיוועו

1941... עס איז געווען אַ זומער טאָג. די סאָוויעטן האָבן געהערשט אין בערעזנע. די יידן הערנדיק די לאַגע פון זייערע ברידער אין די פאַרכאַפּטע געגנטן אין פּוילן דורך די דייטשן, האָבן די יידן אין בערעזנע געהאַלטן זייער לאַגע פאַר גינסטיק. אָבער לאַנגזאַם האָבן די כמאַרעס זיך אָנגערוקט אויף די בערעזנער יידן. אין אַ שבת טאָג האָבן די דייטשע אַעראָפּלאַנען אַראָפּגעוואָרפן עטליכע באָמבעס אין מיטן בערעזנע, נעבן ווישינסקיס אַפּטייק. קיין מענטשן שאָדן איז ניט געווען, אָבער די יידן זענען צוטומלט געוואָרן. מען האָט געפילט, אַז עטוואָס שרעקליכעס רוקט זיך אָן אויף דער געגנט. עס איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז די רוסן פאַרלאָזן בערעזנע און די אוקראַינער האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן מאַרק און אָנגעהויבן רייצן קעגן די יידן, אָט וועלן זיי באַלד בעלעבאַטעווען מיטן יידישן גוטס. אָבער אין איינציקע טעג איז די רוסיש־סאָוויעטישע מאַכט צוריק געווען אין בערעזנע און די יידן האָבן אָפּגעאָטעמט... אָבער די דייטשן מיט זייער באָמבאַרדירן האָבן געצוואונגען די רוסן פאַרלאָזן די שטאָט און אַ טייל יידישע יוגנט איז מיטגע־גאַנגען מיט זיי. ליידער איז די יידישע מאַסע געבליבן אויפן פּלאַץ און אין אַ שיינעם טאָג נאָכדעם ווי די סאָוויעטן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט און פאַרברענט די בריק אויפן סלוץ, זענען די ס.ס. אַריין קיין בערעזנע. די יידן האָבן זיך פאַר־שלאָסן אין די הייזער און ווער אין די קעלערס און אַנדערע באַהעלטענישן. די אוקראַינצעס האָבן די דייטשן אויפגענומען מיט אָפענע אָרימס... און אפילו מיט בלומען...

באַלד מיט זייער אַריינקום האָבן זיי צוזאַמען מיט די אוקראַינער אָנגעהויבן רויבן די געוועלבער און הייזער. די יידן האָבן נאָך יעדן וויזיט פון די דייטשן

צוגעגעבן: דאנקע שיין... געדאנקט וואָס מען איז אַרויס מיטן לעבן. אַזוי האָבן צוויי אוקראַינער אין באַגלייטונג פון אַ דייטשן ס.ס. אָפּגעטון אַזאַ אַכזריות: זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט משה אהרון בייזמאַן פון הויז אין אַ געסעלע צווישן די פּויערשע הייזער און די יידישע און אים אַרויסגעריסן די באָרד און אַזוי צושלאָגן, אַז ער האָט זיך קוים צוגעשלעפּט צום הויז און די קינדער האָבן אים ניט דערקענט און אים געשטופּט פון הויז און נאָר צום צווייטן מאָל ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט אים זיין שנור דערקענט און מען האָט אים אָנגעהויבן ראַטעווען. דער הונגער האָט זיך געמאַכט פּלאַץ אין די מערהייט הייזער. מענטשן זענען געזעסן אָן אַרבייט און פּרנסה.

די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט אַ כלומרשטע „אָרטליכע אַדמיניסטראַציע" און יואל גילבערג איז געוואָרן דער ראש פון „יודן־ראַט". דער יודן־ראַט האָט געשאַפן אַ יידישע מיליציע מיט מאיר קיילער בראש. די דאָזיקע מיליציע האָט זיך פאַרהאַלטן פון אָנהויב אָן גראָב און אומאַנשטענדיק צו זייערע ברידער. די דייטשן האָבן געגעבן אַ געוויסע מאַכט דעם יודן־ראַט, זייענדיק זיכער, אַז זיי וועלן מיט זייער הילף דורכפירן זייערע טייוולישע פּלענער קעגן דער יידישער באַפעל־קערונג. דער יודן־ראַט האָט צוטיילט די יידן אויף צוויי קאַטעגאָריעס, וויכטיקע און ניט וויכטיקע און די „ניט וויכטיקע" געשיקט אין אַן אָפּגעגרענעצט ווינקל, וואָס האָט געהייסן געטאָ. ניט אַלע האָבן דורכגעפירט דעם באַפעל פון יודן־ראַט. אַ טייל זענען זיך צולאָפן אין די אַרומיקע דערפער, אָבער די גרעסטע טייל זענען מיט צובראָכענע הערצער אַוועק אין געטאָ לעבן אַ הונגער־לעבן. די דייטשן האָבן גלייך באַפוילן אָפּטיילן די פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער, אַזוי אַרום צובראָכן דעם מוט פון אַלעמען, און אַזוי אַרום אויסמיידן וועלכן עס איז געדאַנק פון ווידערשטאַנד אָדער ווילן צו אַנטלויפן, די פאַמיליע זייענדיק צוריסן... די הונגער פּאַרציעס האָבן זייער צייכן געוויזן אין אַ גאַנץ קורצער צייט. די עלטערע מענטשן, שוואַכערע, האָבן אָנגעהויבן קרייענקען און פיל אויסגעשטאָרבן אין אַ קורצער צייט. די שטערבליכקייט האָט אָנגענומען אַ מאַסן כאַראַקטער. די איינג־שאַפט איז געוואָרן גרויס. די לעבן געבליבענע האָבן צומאָל מקנא געווען די טויטע. אָט אַזוי האָט עס אויסגעזען אין געטאָ.

די צווייטע טייל איז געווען וויניקער באַוואַכט, ניט אַרומגעצוימט און מען האָט געקענט זיך אַרויסכאַפּן צו אַ פּויער אָדער די פּויערן זענען געקומען אין דער געגנט מאַכן אויסטויש פון עסנוואַרג אויף דאָס ביסל גוטס וואָס יעדער ייד האָט נאָך געהאַט. אַ טייל יידן האָבן געאַרבייט ביים אויפשטעלן דעם בריק, וואָס די רוסן האָבן פאַרברענט און אַ צווייטע טייל האָט געבויט אַ באַן־ליניע קיין מאַקווין. דער באַגעגן־פּלאַץ איז געווען ביי דער מיליציע. ביינאַכט האָבן די אַרבייטער, טויט מידע פון שווערע אַרבייט און הונגער, זיך פאַרמאַכט אין די הייזער און אויפגעכאַפּט פאַרשיידענע גרויל ידיעות איבער רציחות אין די געגנדן. (צום ביישפּיל אַז די דייטשן שטעלן אויס אַ שורה יידן און יעדן צענטן שיסט מען... די יידן פון בערעזנע האָבן געליטן און געהאַפט, אַז „מיר וועלן דעם דייטש איבער־

לעבן״... און די האָפנונג האָט איינגעשלעפערט אַלעמען און מען האָט ניט געטראכט פון אַ וועג צו אַנטלויפן פון די מערדער. ביז ס׳האָט זיך אָנגעריקט דער 25.8.42 (י״ב אלול). די מענטשן האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבייט. ווער ס׳האָט גע־וואָרט אויף אַ זופּ־וואסער, וואָס די ווייב האָט צוגעגרייט, ווער ס׳האָט אַדורכ־שטודירט די דייטשע סטראטעגיע, און די קינדער, שמוציקע, אויסגעדאַרטע, אָבער ווי קינדער געשטיפּט און געלאכט. פּלוצים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז קרע־מענעצקי (אין צייט פון די סאָוויעטן אַרעסטירט און אין צייט פון די דייטשן „גאלאַווא״) האָט איבערגעגעבן ביי די קלייטעס, אַז דעם .25.8, דאָס הייסט צו מאָרגן, וועט מען אַלע יידן אויסמאָרדן. אַז דאָס איז ריכטיק, האָבן די יידן פאַר־שטאַנען, ווייל די פויערן זענען אין איילעניש געקומען אָפּנעמען זייערע זאכן ביי די בעלי מלאכות אפילו ניט אויסגעפּאַרטיקטע און חוצפּה׳דיק צוגעגעבן: אָט באַלד וועט איר אַלע זיין אין גן עדן... מען גרייט שוין גרובער פאַר אייך אויסער׳ן שטאָט. גילבערג איז געגאַנגען צו גינטערן פרעגן וועגן די ידיעות און גינטער האָט אים געזאָגט, ער זאָל זיין רוהיק, אין בערעזנע וועט גאָרניט פּאַסירן. אָבער אַ טייל האָבן ניט געגלויבט און אָנגעהויבן אַנטלויפן, פיל האָט מען געכאַפּט אויפסנייע און געהרגעט.

פינף פאַרטאָג האָט זיך די אַקציע אָנגעהויבן. די געוואַלדן זענען געגאַנגען צום הימל, פיל האָבן געזאָגט ווידוי.

אַזוי האָט מען אויסגעראָטן די יידן אין בערעזנע.

## דער ברודער קבר

אין 1945 יאר בין איך געקומען נאָך אַ לאַנגער רייזע פון מאָסקווע אין מיין געבורט־שטעטל בערעזנע. עס איז געווען פּונקט ראש השנה. דאס ערשטע וואָס האָט זיך באַמערקט, איז געווען די פאַרבערענטע הייזער. בסך־הכל זענען געבליבן אין בערעזנע קרוב צו 40 הייזער. די רוסן האָבן געהערשט אין בערעזנע. איך האָב דאָן געטראָפן ניט מער ווי צוויי בערעזנער יידן: אברהם דער גאלד, וועלוול וויינ־שטיין און צוויי לענצינער מיידלעך און בענציק דער באַלעשיוועקער. די יידישע הייזער זענען געווען באַזעצט דורך וויטקאָוויצער בענדעראָווצעס. לייבל האָט איבער־געגעבן דער מאכט אַז די אַלע וואָס האָבן פאַרכאַפּט די הייזער, זענען געוויינליכע מערדער בענדעראָווצעס. עס זענען ניט אַוועק 24 שטונדן און מען האָט זיי אַרויס־געטריבן פון די הייזער און זייער סוף איז געווען אַ שווארצער. אין אַ צייט אַרום זענען צוריקגעקומען בענציק ליכט, יצחק שטיין, טאַטיאַנע רעזניק, משה טוכמאַן. אַלע געבליבענע זענען דאָן געגאַנגען אויפן הייליק אָרט, צום ברודער קבר, געזאָגט תפילות און תהלים נאָך די קדושים און געמאכט אַ בילד פון ברודער־קבר. דער בית עלמין וואָס עקזיסטירט איבער הונדערט יאר איז איינגאַנצן חרוב געוואָרן דורך די אוקראַינער באַנדיטן. דער געמויערטער קבר פון די רבנים (רבי מיכעלע, רבי יוסעלע, רבי רב שמואלקע, זיין זון רבי יצחקל און רבי אהרעלע, רב חיימקעס ז״ל

